


# נאטור און מענש



(נאָך ע. רעקליו).

פון מ. קאטץ.



פערלאַג פון דער "צייט פון פערשטאַנד"

1906.



# נאטור און מענש.

## (נאך ע. רעקליו)



### .I

דער איינפֿלוס פֿון דער נאַטור אויף דער ענטוויקלונג פֿון דער מענשהייט.—וויא אַלט איז דאָס מענשליכע געשלעכט.— די פֿערמישונג פֿון דיא מענשליכע ראַסען.—



אדם יסודו מעפר. דער יסוד פֿון דעם מענשען, אַזוי וויא דער יסוד פֿון אַלע ברואים, ווי חיות אַזוי אויך פפֿלאַנצען, איז דיא ערד. דער מענש לעבט ניט נור אויף דער ערד, זאָנדערען ער לעבט אויך פֿון דער ערד. זיין קערפער ווערט אויפֿגעבויט פֿון איהרע שטאָפֿען; פֿון איהר שעפט ער זיין חיונה, זיין לעבען, זיין גאַנצע עקזיסטענץ. און דאַרום מוזען מיר געפֿינען צווישען דעם מענשען און דער ערד, אויף וועלכער ער לעבט, דיעזעלבע וואונדערבאַרע האַרמאָניע, וועלכע מיר געפֿינען צווישען דיא פֿערשיערענע פֿאָרמען פֿון דער ערד און דיא ברואים, חיות און פפֿלאַנצען, וואָס געפֿינען זיך אויף איהר. יעדער מין חיה און יעדער מין פפֿלאַנצע איז אונבעדינגט אַזוי, וויא זיא מוז זיין, נאָך דעם באָדען, אויף וועלכען זיא איז געבוירען געוואָרען, נאָך דעם קלימאַט, אונטער וועלכען זיא האָט זיך ערצויגען,—קורץ, נאָך דיא אַלע געאָלאָגישע און קלימאַטישע בעדינגונגען, וועלכע האָבען זיא ארויסגעבראַכט און אויסגעהאָ־

רעוועט. אַזוי וויא דער מענש איז דאָך אויך אַזאַ פּראָדוקט פֿון דער ערד, וויא דיא אַלע אַנדערע ברואים וואָס געפֿינען זיך אויף איהר, מוז צווישען איהם און דער ערד אויך זיין דיעזעלביגע אָנפּאַסונג, דיעזעלבע האַרמאָניע.

דיא פֿערשיעדענע מינים חיות און פּפֿלאַנצען בלייבען אָבער ניט אימער דאָס זעלבע, וואָס זיי זיינען געוועזען ביי זייער געבורט. וואָס שטאַרקער, וואָס אינטענסיווער עס איז דיא לעבענס־קראַפֿט פֿון אַ'ן אָרגאַניזם, אַלץ מעהר מעגליך איז פֿאַר איהם אריבערצוטרעטען דיא גרענצען, וועלכע דער קלימאַט האָט פֿאַר איהם אָנגעצייכענט; ער קען זיך אַלץ מעהר פֿריי מאַכען פֿון דער נאַטור און ווערען גאַנץ אַנדערס פֿון דעם, וואָס ער איז געוועזען פֿריהער. טהירען און פּפֿלאַנצען שטערבען שטענדיג אויסצובּרייטערען, צוא ערווייטערען זייער געביט, ד. ה. דעם פּלאַץ, אויף וועלכען זיי זאָל מעגליך זיין צו לעבען, צו עקזיסטירען. דיא פֿערשיעדענע מינים פֿון חיות און פּפֿלאַנצען קעמפּפֿען צווישען זיך און פֿיהרען אַ שטענדיגע מלחמה אום צו בעזיצען מעהר באָדען, צוא פֿער־נעהמען מעהר פּלאַץ. דיא מינים, וועלכע זיינען קרעפֿטיגער, יענע זיינען אין דיעזען קאַמפּף; זיי פֿערברייטערן זיך. אלץ ווייטער, זיי פֿערשפּרייטען זיך איבער ווייטערע פּלעצער מיט פֿערשיעדענע געאָלאָגישע און קלימאַטישע בעדינגונגען און אַזוי באַלד וויא זיי טרעטען ארויס פֿון זייער היימאַט'ס באָדען, ד. ה. אַזוי באַלד וויא זיי פֿערשפּרייטען זיך ווייטער פֿון דעם אָרט, אויף וועלכען זיי זיינען געבוירען געוואָרען אָדער האָבען ארויסגעשפּראָצט, פֿערלירען זיי שוין דאַן זייער אָריגינעלע נאַטור; זיי ווערען אָן זייער אורשפּרונגליכען טיפּ, און אונטער דעם איינפֿלוס פֿון דער נייער אומגעבונג ווערען זיי אין גאַנצען עטוואָס אַנדערעס פֿון דעם, וואָס זיי זיינען אין אָנפֿאַנג געוועזען, אָדער זיי ווערען, וועניגסטענס, זייער פֿיעל פֿערענדערט. אין פֿלוג קען זיך אונז דוכטען, אַז מיר

זעהען דאָ אַן איבעררייסונג אין דער האַרמאָניע פֿון דער ערד און איהרע פּראָדוקטען. אין אמת'ן אָבער ווערט אין דיעזער אומענדערונג נור פֿאָרטגעזעצט דיא עוויגע האַרמאָניע, דען דיא פֿערענדערונג איז דאָך ווייטער אַן אָנפּאַסונג צוא דעם נייעם פּלאַץ, צוא דער נייער אומגעבונג. דאָ ווייזט זיך אויף דאָס נייע דאָס האַרמאָנירען פֿון דיא פּראָדוקטען פֿון דער ערד מיט דיא געזעצע, וועלכע בעהערשען אַלע ערשיינונ־גען אויף דער ערד. מיר זעהן אַלזאָ פֿון דיא חיות און פּפלאַנ־צען דיא גרויסאַרטיגע האַרמאָניע, וועלכע בעשטעהט צווי־שען דער ערד און צווישען אַלעם וואָס אויף איהר לעבט און שוועבט.

און אויך דער מענש, דער בחיר היצורים, וואָס ריהמט זיך אַזוי מיט זיין שכל, מיט זיין פֿרייען ווילען, קען זיך אויך בשום מין ואופֿן ניט אונאבהענגיג מאַכען פֿון דעם קלימאַט און פֿון דיא פֿיזישע בעדינגונגען פֿון'ם לאַנד און באָדען, אויף וועלכען ער וואוינט און לעבט. אונזער פֿרייהייט בעשרענקט זיך נור געגענאיבער דער נאַטור אויף אַזוי פֿיעל, אויף וויפֿיעל מיר מוזען אויסגעפֿינען דיא נאַטור־געזעצע, שטודירען זיי און נאָך זיי אנצופאַסען אונזער לעבען. וויפֿיל מיר וואָלען זיך ניט האָבען פֿערלייכטערט אונזער לעבען דורך דיא אַנווענדונג פֿון אונזערע גייסטיגע קרעפֿטען, בלייבען מיר דאָך אָבער מעהר ניט וויא קינדער פֿון דער ערד. מיר זיינען אויך אונטערוואָרפֿען דיעזעלבע געזעצע, וועלכע, בעהערשען אַלע ערשיינונגען אויף דער ערד. מיר בעוועגען זיך מיט אַלע איהרע בעוועגונגען. מיר זיינען צוא איהר צוגעבונדען עבען אַזוי וויא אַלע קליינינטשקע חיה'לעך, וועלכע דעם מענשענס אויג קען קוים בעמערקען. ניט נור אַלס איינצעלנע ברואים זיינען מיר אַזוי פֿערבונדען מיט דער ערד; אויך גאַנצע געזעל־שאַפֿטען און שטאַאטען, זייער ענטשטעהונג און זייער עקז־יסטענץ מוז זיין אָנגעפּאַסט צו דעם באָדען, אויף וועלכען

זיי ענטשטעהען, אויף וועלכען זיי עקזיסטירען. אין זייערע אָרגאַניזאַציאָנען שפּיגלען זיך אָפּ (רעפלעקסירען) אַלע ער־שיינונגען פֿון דעם באָדען, פֿון דיא וואַסערן און פֿון דער אַרומרינגלענדער אַטמאָספֿערע, וועלכע זיינען אָהן אַ שיעור און אָהן א׳ן ערך. און דערפֿאַר אַז מיר ווילען לערנען און גע־נוי פֿערשטעהן דיא געשיכטע פֿון דיא עלטסטע צייטען, מו־זען מיר פֿאָרשען דעם געאָגראַפֿישען פּלאַץ, אויף וועלכען דיעזע געשיכטע האָט זיך אָפּגעשפּיעלט. די ענטוויקלונג פֿון דער מענשהיים האָט זיך געווענדעט נאָך דיא פֿערשי־דענע ערד־פֿאָרמען, דיא הויכע בערג, דיא טהאָלען, דיא ברעגען פֿון דיא יבשות (קאָנטינענטען) אַרום ים און דיא פֿערשיעדענע אינזלען.

מען דארף אָבער קיין טעות ניט האָבען און מיינען, אַז דיא נאַטור־ערשיינונגען שפּיגלען זיך אָפּ אין דער מענשהייטס געשיכטע, אזוי וויא אַ בילד, וואָס צייגט זיך צוריק אין אַ שפּיגעל. דען מען דאַרף ניט פֿערגעסען, אַז דאָס זיינען ניט דיא נאַטור־קרעפֿטע אַליין, וועלכע טהוען דיא געאָלאָגישע אַרבייט, ד. ה. וועלכע ווירקען אויף דער געשטאַלטונג פֿון דער ערד. ניין, אויך דער מענש ווירקט פֿון זיין זייט בעש־טענדיג אויף דער געשטאַלטונג פֿון דער ערד, וועלכע ער בעוואינט. אין דער גאַנצער צייט פֿון זיין רויהייט און ווילד־הייט איז דער מענש געווען בלויז אַ בלינדער פּראָדוקט פֿון דער נאַטור; ער האָט זיך פֿון איהר געלאָזט פֿיהרען און ערציהען. אָבער וואָס וויטער ער איז געוואַקסען, וואָס וויטער ער האָט זיך ערצויגען, האָט ער זיך אַלץ מעהר, זאָ־צו זאָגען, פֿריי געמאַכט פֿון דער נאַטור און ער סטאַרעוועט זיך אָנצו־פּאַסען דיא נאַטור־קרעפֿטע צו זיך. ער בעדינט זיך מיט די נאַטור־קרעפֿטע; ער ניצט זיי אויס פֿיר זיך, פֿיר זיין בעק־וועמליכקייט. מיר זעהען אַלזאָ דאָ אַ וועקסעל־ווירקונג: דיא ווירקונג פֿון דעם מענשען אויף זיין מוטער ערד און דיא

ווירקונג פֿון דער ערד און אַללע איהרע ערשיינונגען אויף דעם מענשען. דיעזע וועקסעל־ווירקונג האָט דאָס געבילדעט יענע האַרמאָניע צווישען מענש און נאַטור, וועלכע מען רופֿט די געשיכטע דער מענשהייט. די מענשהייט און די ערד זיינען אַזוי וויא אַ נשמה מיט אַ גוף. עס וועט זיין, נאַטירליך, צו פֿיעל צו זאָגען, אַז מיר זיינען די פֿאָלנע בעלי הבתים אויף דער ערד, אַז זיא בעלאַנגט צוא אונז; אָבער אַזוי ווייט קענען מיר דאָך זאָגען, אַז נאָכדעם ווי מיר זיינען אַ לאַנגע צייט געוועזען בלויז אונבעוואוסטע פּראָדוקטען פֿון דער ערד, זיינען מיר וואָס ווייטער און ווייטער, דורך אונזער טהעטיג־קייט און ענטוויקלונג, געוואָרען טיעף ווירקענדע פֿאַקטאָרען אין איהר געשיכטע.

* * *

דאָס אַלעס האָט זיך ניט געטאָהן אַזוי גיך. אין גענויע זעקס טויזענד יאַהר,—וויא מען האָט געגלויבט אַז די וועלט איז אַלט,— האָט זיך דער מענש ניט געקענט אַזוי אַרויפֿ־אַרבייטען. איצט ווייס מען, אַז די עקזיסטענץ פֿון מענשען אויף דער ערד הויבט זיך אָן אַסאַך אַסאַך פֿריהער איידער זעקס טויזענד יאהר צוריק; גאָר ניט דער ערך פֿריער. די שריפֿטליכע ציינונגען, וועלכע מיר האָבען וועגען דעם מענ־שענס לעבען אויף דער ערד, נעהמען נור אַרום אַ צייט פֿון דריי ביז פֿיער טויזענד יאָהר. די אַלטע רויאינען, די חורבות פֿון די אַמאָליגע שטערט, די צייכענס פֿון שטיין גרייבען נאָך אויף אַ צוויי טויזענד יאָהר פֿריער. אָבער דאָס איז דאָך נור אַ קורצע היסטאָרישע פּעריאָדע, וועלכע פֿערנעמט אין גאַנצען פֿילייכט אַ צייט פֿון הונדערט און פֿופֿציג דורות, און אַהינטער דער צייט ליגט אַבאַך אַ לענגערע פּעריאָדע, וועגען וועלכער מיר וויסען פֿון זאָגען פֿון ערצעהלונגען, פֿון מינדליכע איבערליפֿערונגען (במסורת). אין יענער צייט האָט די מענשהייט נאָך ניט געוואוסט פֿון דער קונסט צוא

שרייבען. און ווען זיא האָט זיך ענטוויקעלט צום זעלבסט־בעוואוסטזיין, האָט זיא פֿערבונדען דיא פֿערשיעדענע צייטען דורך געזאַנגען, דורך זאָגען, דורך סימבאָלישע פֿאָרמען, דורך בעזונדערע צייכענס דעריין האָבען זיך אויסגעדריקט דיא עראינערונגען וועגען גרויסע עראייגניסע, וועגען מלחמות, וועגען פֿערפֿלייצונגען, וועגען וואַנדערונגען, פֿערוויסטונגען, א. ז. וו. — דיעזע זאָגען און מעשות האָבען זיך איבערגעגעבען מינדליך פֿון דור צו דור און האָבען זיך צונויפֿגעוועבט צוזאַמען מיט דער רעליגיאָן. וואָס ווייטער וויטער האָט דאָס מינדליכע איבערגעבונג אָנגענומען אַן אַנדער געשטאַלט, און אַזוי איז דאָס איבערגעגאַנגען בירושה פֿון געשלעכט צו געשלעכט אלץ אין אַ מעהר פֿערענדערטער פֿאָרמע. דאָס זיינען אַלץ צייטען, וועלכע זיינען פֿאַר אונז מעהר אָדער ווייניגער אָפֿען, דורך פֿערבליבענע חורבות אָדער בעזונדערע צייכענס. אָבער נאָך אַסאַך פֿריהער פֿאַר דיזער צייט אפילו האָבען שוין אונזערע אור־אור־עלטערן געלעבט אויף דער ערד. זיי האָבען געלעבט אַזוי וויא דיא חיות אין דיא היילען און אין דיא וועלדער. יענע צייט איז פֿאַר אונז פֿרעמד; מיר האָבען פֿון איהר ניט קיין געשיכטע, קיינע זאָגען, קיינע מינדליכע איבערליפֿערונגען, און ביז דאָ גאָר ניט לאַנג האָט מען פֿון איהר גאָרנישט געוואוסט. אָבער די געאָלאָגען, דיא וואָס פֿאָרשען דיא פערשידענע ערד־שיכטען, בעריכטען אונז פֿון יענער אַלט־אַלטער צייט; זיי לאָזען אונז וויסען פֿון דעם דאַזיין און פֿון׳ם אַרט לעבען פֿון מענשען אין יענער צייט.

דיא געאָלאָגען האָבען געמאַכט אַזוי פֿיעל ענטדעקונגען אין דער לעצטער צייט, האָבען געפֿונען אין דער ערד אַזוי פֿיעל בעווייזע פֿון מענשליכער טהעטיגקייט, וועלכע מען דאַרף צוריק פֿיהרען אויף אַן אונגעהייער ווייטער צייט פֿון אונז, אַז עס איז איצט מעהר קיין צווייפֿעל ניט, דאָס דיא

מענשהייט איז זעהר, זעהר אלט, פֿיליייכט צעהנדליגע, פֿי־
לייכט הונדערטע טויזענדער פֿון יאָהרען. דיעזע ענטדעקונגען
ווייזען, אַז אונזערע אור־אור עלטער־זיידעס האָבען ניט נור
בעוואינט דיא וועלדער צוזאַמען מיט דעם אויער־אַקס, נור
אַז עס האָבען נאָך געלעבט מענשען אין יענער וויט־אַלטער
צייט, ווען דיא היינטיגע דייטשלאַנד און פֿראַנקרייך האָבען
אויסגעזעהן אַזוי וויא דיא היינטיגע סקאַנדינאַוויען
יענע צייט ווערט בעצייכענט אַלס דיא אייז־צייט. אין יענער
צייט זיינען נאָך אין דיעזע ערטער (דייטשלאַנד און פֿראַנק־
רייך) אַרומגעלאָפֿען דיא רענטהירען (אַזאַ מין הירשען),
וועלכע מען טרעפֿט איצט פֿיטערן זיך נור אין דעם פּאלאַר־
קרייז און אויף דיא אייז־בערג (גלעטשערן) פֿון דיא אַלפּען
און פּירענייען. און נאָך פֿריער, אין אַ צייט, ווען דער
אייראָפּעאישער קלימאַט איז געוועזען אַסאַך ווארעמער וויא ער
איז היינט, האָט שוין דער מענש געוויזען זיין טהעטיגקייט
אויף דער ערד. ער האָט געלעבט אין איין צייט דאַן מיט די
מינים חיות, רהענאָצעראַס און עלעפֿאַנטען, וועלכע זיינען
שוין איצט גאָר אויף דער וועלט ניטאָ. נאָך בעסער. עס
זיינען שוין דאַן געוועזען קינסטלער אונטער דיא מענשען. נאַ־
טירליך זיינען דאָס געוועזען אַזעלכע קינסטלער, וויא זיי זיינען
נור מעגליך געוועזען אין יענער צייט. אין דעם שלאַם, מיט
וועלכען עס זיינען אָנגעפֿיעלט דיא הייהלען, געפֿינט מען
אַלס זכר פֿון יענע צייטען פֿיגורען, וועלכע די מענשען
האָבען שוין דאַן פֿערזוכט צו מאַכען. זעלבסט פֿערשטענדליך,
אַז דאָס זיינען זעהר טרויעריגע קונסט־ווערקע. אָבער דאָס
צייגט דאָך, אַז דיא מענשען האָבען שוין געהאַט דאַן ווערק־
צייג. און עס האָט געמוזט דויערן אַ היבשע ביסעל צייט,
פֿיליייכט פֿון טויזענדער און צעהנדליגע טויזענדער פֿון יאָה־
רען, ביז דער מענש האָט זיך ענטוויקעלט צו געברויכען
ווערקצייג. אָבער נאָך פֿיעל פֿריער פֿאַר דיעזער צייט אפילו

האָבען שוין דיא מענשען געפֿיהרט ביטערע מלחמות מיט דעם הייהל־בער. דאָס זיינען געווען מלחמות מיט אַ פֿורכטבאַרען שונא, מלחמות אום העררשאַפֿט. אין דיא צייכנונגען אויף שטיין געפֿינען דיא פֿאָרשער דיא שפּורען פֿון יענער צייט. און נאָך אין אַסאַך אַ פֿריהעריגער צייט פֿאַר דיעזער האָט שוין דער מענש געלעבט. דאָס צייגען דיא ביינער פֿון מענשען, וועלכע מען געפֿינט צוזאַמען מיט דיא ביינער פֿון אורר אַלטע חיות אין דיא אונטערשטע שיכטען פֿון דער ערד. יענע צייט איז פֿאַר אונז גאַנץ פֿינסטער. דאָס איז אַזאַ פּעריאָדע פֿון דער ערד־געשיכטע, וועלכע איז פֿון אונז אָפּגעטהיילט דורך אַן אונגעהייערע רייהע פֿון געוואַלטיגע רעוואָלוציאָנען. וויא פֿיעל יאָהר־טויזענד, אָדער אפשר מילליאָנען פֿון יאָהרען, דיא מענשהייט איז אַלט, דאָס איז אַ זאַך, וועלכע איז זעהר שווער צו וויסען.

עס איז קיין שום ספק ניט, אַז דיא פֿערשיואונדענע ראַסען, פֿון וועלכע מען געפֿינט דיא ביינער און שעדעל, זיינען געשטאַנען אַסך גידריגער אין אינטעליגענץ, זיינען געווען אסך וויניגער מענשליך, איידער מיר זיינען איצט. דאָס קען מען פֿערשטעהן פֿון זייערע געזיכטס־ווינקלען, וועלכע זיינען מעהר עהנליך צו דיא ווילדע חיות, מיט וועלכע זיי האָבען נעמווזט בעשטענדיג קעמפּפֿען, איידער צו ענטוויקעלטע מענשען. עס קען זיין, אַז זיי זיינען געווען פֿלינקער צום לויפֿען, קרעפֿטיגער פֿון אונז קערפּערליך, זייענדיג אימשטאַנדע צו דער׳הרג׳ענען אַ ווילדעס טהיר, אָבער אין גייסטיגען זינען זיינען זיי געווען מעהר חיה איידער מענש. דער גרויסער געלעהרטער האקסלי בעמערקט, אַז דער אונטערשיער צווישען דעם שעדעל פֿון ציוויליזירטע מענשען ביז דעם שעדעל פֿון׳ם אור־אַלטען מענשען איז אַ פֿיעל גרעסערער, איידער דער אונטערשיעד פֿון׳ם שעדעל פֿון אַן אור־אַלטען מענשען ביז דעם קאָפּף פֿון אַ גרויסער אָבעזיאַנע.

פֿיעלע אַנטראָפּאָלאָגען בעווייזען, אַז דער מענש שטאַמט אָפּ פֿון איינעם אָדער פֿון מעהרערע מינים פֿיער־הענטיגע חיות (אָבעזיאַנעם), וועלכע האָבען זיך דורך דעם אויסוואהל אָדער דורך דעם קאַמפּף אום'ס דאזיין ענטוויקעלט צוא דער הויכער מדריגה מענש. צו קען מען דאָס שליסען פֿון דעם וואָס מיר האָבען אויבען אָנגעפֿיהרט אָדער ניט, בלייבט זיך גאַנץ גלייך. עס איז איצט כמעט אָנגענומען דיא מיינונג אַלס אַ וואַהרהייט, אַז אונזער אָבשטאַמונג איז ניט זעהר אַ יחוס־דיגע. אָבער כאָטש אפילו אונזער יחוס איז נעביך אַזאַ נידריגער האָבען מיר זיך דערמיט אויך ניט וואָס צו שעמען. דיא מענשהייט האָט דערמיט אסך מעהר צו שטאָלצירען איידער מיט דער אַמאָליגער מיינונג, אַז דער מענש שטאַמט פֿון זעהר הויכעס און איז געפֿאַלען זעהר נידריג. אויב דיא מענשהייט האָט געקענט ענטוויקלען זיך פֿון דער מדריגה אַפּפּע צו דער מדרגה מענש, דאַן קען מען זיכער האָפֿען, אַז זיא וועט פֿון איהר איצטיגער הויכע שטופּע שטייגען נאָך העכער.

דער אורשפּרונג פֿון דער מענשליכער אַרט, פֿון דעם מין האנושי, איז אַלזאָ נאָך דונקעל פֿאַר אונז. און זעלבסט פֿאַרשטענדליך, אַז איין מאָל איז נאָך ניט פֿעסט בעוויזען געוואָרען דער אורשפּרונג פֿון מענשען, קען מען דערפֿאַר אויך געניועם נישט וויסען איבער זיין אור־אָבשטאַמונג. מען קען ניט וויסען, אויב דיא פערשידענע ראַסען פֿון מענשען, וואָס געפֿינען זיך אויף דער ערד, שטאַמען פֿון איין איינציגע פּאָאר אָדער פֿון מעהרערע גרופּען; אויב מיר אַלע, ווייסע און שוואַרצע מענשען, רויטע און קופּער־פֿאַרביגע קומען אַרויס פֿון איין אדם וחוה, אָדער יעדער ראַסע שטאַמט פֿון אַ בעזונדער אדם וחוה. אין דיעזער פֿראַגע צוטהיילען זיך דיא דעות פֿון דיא אַנטראָפּאָלאָגען. עס זיינען דאָ דיא מאָנאָגעניסטען און פּאָליגעניסטען. דיא מאָנאָגעניסטען בעהויפּטען,

אַז דיא אַלע פֿערשיעדענע מענשען־ראַסען האָבען א'ן אור־שפּרינגליכע איינהייט, ד. ה. זיי שטאַמען פֿון איין פּאָאר, ומאלה נפרדו כל הגוים. דיא פּאָליגעניסטען זיינען אָבער דער מיינונג, אַז עס זיינען אורשפּרינגליך געווען מעהרערע פֿער־שיעדענע ראַסען. מאַנכע פֿון זיי זאָגען נאָך, אַז אַזעלכע ראַסען זיינען פֿון אָנפֿאַנג אָן ענטשטאַנדען אין דיא הונדערר־טער; יעדער אָרט פֿון'ם ערד־קוגעל, זאָגען זיי, האָט ארויס־געגעבען זיינע מענשען; יעדער קאָנטינענט, יעדער אינזעל האָט ארויסגעבראַכט בעזונדערע ראַסען, אַזוי וויא די אַנדערע חיות און פּפֿלאנצונגען; זיי זיינען ענטשטאנדען אין פֿערשי־דענע ערטער, אין פֿערשיעדענע צייטען, אויף דיא גרויסע יבשות און אויף דיא קליינע אינזלען. אַזוי וויא זאַמען האָבען זיי ארויסגעשפּראָצט פֿערשפּרייט איבער דער ערד. אַלס בע־וויז פֿיהרען דיעזע לעצטע אן דעם פֿאַקט, וואָס דיא אור־אַלטע מענשען פֿון ועסט־איירָאָפּאַ צייגען אונטער זיך מעהר פֿערשיעדענהייטען אין זייערע טיפען איידער דיא פֿערשיעדענע ראַסען פֿון דער געגענוואַרט.

אין דער צייט ווען אונזער אַמעריקאַנישע רעפּובליק האָט אונגליקליכער־ווייזע לעבען איהרע 30 מיליאָן ווייסע בירגער געהאַט נאָך 4 מיליאָן שוואַרצע, וועלכע זיינען געווען פֿערדאַממט צו שקלאַפֿעריי, דאַן איז דיא שטרייטיגקייט צווי־שען דיא מאָנאָגעניסטען און פּאָליגעניסטען געווען גאַנץ ביי־טער. אָבער פֿון ביידע זייטען האָט מען ניט געזוכט צו ערפֿאָרשען דיא וואהרהייט, וויא דיא וויסענשאַפֿט פֿאָדערט עס, זאָנדערן מען האָט געזוכט צו רעכטפֿערטיגען אָדער פֿערדאַמען דיא דאַן עקזיסטירענדע שקלאַפֿעריי. דאָס איז געוועזן אַ קאַמפּף פֿון אינטערעסען און ליידענשאַפֿטען. מער־קווירדיג איז דאָס, וואָס אפילו דיא יעניגע, וועלכע האָבען דאַן געגלויבט, אַז אַלע ראַסען שטאַמען פֿון איין אדם וחוה, האָבען זיך פֿון דעסטוועגען געגעבען דיא מיהע צו בעווייזען,

אַז דיא אורשפּרינגליכע איינהייט איז אין לויף פֿון דער צייט פֿערלאָרען געוואָרען. זיי האָבען בעהויפּטעט, אַז דיא ראַסען וואָס זיינען געבליבען נידריגער, זיינען פֿון דער נאַטור אויס פֿעראורטהיילט צו זיין שקלאַפֿען צו דיא מענשען וועלכע זיינען פֿון דער נאַטור בערופֿען צו זיין הערשער איבער זיי. דיא וויסענשאַפֿט האָט פֿון יענע שטרייטיגקייטען קנאַפּע נוצען געהאַט אום צו וויסען זיבער, וועלכע פֿון דיעזע צוויי מיינונגען איז וואהר: דיא מאָנאָגעניסטישע אָדער דיא פּאָליגעניסטישע. דיא מייסטען זאָגען פֿון דיא פֿעלקער גיבען אונז צו פֿערשטעהן, אַז דאָס לעבען פֿון דיא ערשטע מענשען האָט זיך אָנגעהויבען אין שלאָף. דיא אַלטע חכמים פֿון אַ אינדיאַנער־שטאַם שטעלען אַזוי פֿאָר דעם אורשפּרונג פֿון מענשען: "קיין זאַך איז ניט געוועזען נאָך אויף דער וועלט. אַלעס איז נור געוועזען תהו ובהו, קיין הימעל, קיין יבשה, קיינע ימים. פּלוצלינג האָבען זיך נעפֿונען זיבען גבורים ביים ברעג פֿון אַ ים, זיצענדיג און רויבערענדיג זייערע לולקעס, וועהרענד אין דיא "וויגוואָמס" (אינדיאַנער־הייזלעך), זיינען געוועזען זייערע פֿרויען און האָבען זיך געטאָהן זייער הייזליכע אַרבייט". עס איז יעדענפֿאַלס אַ פֿערנינפֿטיגערע מעשה איידער דער חומש דערצעהלט אונז. אין דיעזער זאַגע איז זעהר שעהן אויסגעדריקט דער אורשפּרונג פֿון מענשליכען לעבען. זיא שטעלט פֿאָר, אַז דיא מענשהייט האָט צוגעבראַכט איהר קינדהייט אונבעוואוסט; זיא האָט אָנגעפֿאַנגען איהר לעבען אין שלאָף, ד. ה. אָהן דעם בעוואוסטזיין פֿון לעבען. איצט אָבער איז דיא פֿראַגע שוין אַלט.

* * *

דיא מעגליכקייט פֿון איין איינהייט צווישען דיא פֿערשיעדענע מענשען־ראַסען אין דער צוקונפֿט איז דיא פֿראַגע, וועלכע אינטערעסירט איצט דיא אַנטראָפּאָלאָגען. פֿאַר דיעזער פֿראַגע איז קיין חלוק נישט, צו דיא מענשען שטאַמען

פֿון איין פּאָאר עלטערן, פון איין איינציגער פֿאַמיליע, אָדער יעדער ראַסע פאַר זיך איז ענטשטאַנדען בעזונדער אויף אַ בעזונדער אָרט, אין אַ בעזונדער צייט. און אויב מען זאָל אורטהיילען נאָך דער ערפאַהרונג, וועלכע דיא מענשהייט האָט דורכגעמאַכט ביז יעצט, איז קיין צווייפֿעל ניט, אַז אַזאַ איינהייט איז מעגליך אין דער צוקונפֿט. אָבער אויך דעריין צוטהיילען זיך דיא מיינונגען פֿון דיא פֿאָרשער. איינינגע זיינען דער אַנזיכט, אַז דיא ראַסען קענען זיך ניט צונויפֿמישען צווישען זיך: דער נ ע ג ע ר, דער רויט־הויטיגער, אפילו דער כ י נ ע ז ע ר און דער אַ ר אַ ב ע ר, זאָגען זיי, זיינען אונפֿעהיג אריינצוטרעטען אַלס מיטגליעדער אין דער גרויסער פֿעלקער־משפחה. אפילו דער ה י נ ד ו, זאָגען זיי, וועלכער שטאַמט אויך אַזוי וויא דיא וועסט־אייראָפּעער פֿון דער אַ ר י ש ע ר ראַסע און האָט געהאַט נאָך פֿריער פֿון זיי אַ ציוויליזאַציאָן, אַ ווישענשאַפֿט און אַ קונסט,—אפילו ער, זאָגען זיי, וועט קיין מאָל ניט זיין פֿעהיג צו פֿערמישען זיך מיט דיא מענשען פֿון דיא קעלטישע און גערמאַנישע פֿעלקער. דיא אַלטע קרוב׳עשאַפֿט וועט זיך קיין מאָל ניט אָפּרופֿען מעהר און זיי מוזען אויף אייביג בלייבען פֿערשיעדען. דיא וועלכע זאָגען דאָס, זיינען דער מיינונג, אַז דיא ארויסגעקומענע דורות פֿון פֿערמישטע ראַסען זיינען שוואַך, אונפּרוכטבאַר און זיי מוזען מיט דער צייט אָפּשטאַרבען. ווען ניט אין גאַנצען אָפּשטאַר־בען, זאָ מוזען וועניגסטען זייערע קומענדע גענעראַציאָנען ביסלעכווייז פֿערלירען זייער אייגענטהימליכען טיפּ און מיט דער צייט איבערגעהן אין א י י נ ע פֿון דיא פֿערמישטע שטאַם־ראַסען. דער טרויעריגער אויספֿיהר פֿון דיעזער מיינונג איז, אַז יענע נידריגע ראַסען, וויא באַלד זיי קענען זיך ניט פֿערמישען מיט דיא נאַטור׳ס „אתה בחרתנו׳קעס", טאָרען זיי אויך נישט געניסען דיא לופֿט, וואָס דיא אויסערוועהלטע ראַסען געניסען; מען טאָר מיט זיי קיין מגע ומשא ניט

האָבען; מען דאַרף זיי אויסטיליגען. דיא ערד האָט וועניג פלאַץ פאַר דיעזע נידריגע; זיא געהערט אין גאַנצען צו דער זיעג־רייכער ראַסע.

און אזוי האָט טאַקע לײדער דער ציוויליזירטער מענש מייסטען געטאָהן. ער האָט מיט'ן שווערד געוויזען, אַז ער שטעהט העכער פון דיא אונציוויליזירטע און האָט זיי ניט אויפגעהערט צו פערניכטען וואו ער האָט נור געקענט. ער האָט זיי געהעצט און געיאָגט אַזוי וויא דיא חיות אין וואַלד, אום צו רויבען פון זיי זייער לאַנד, זייערע אוצרות, אום צו צו מאַכען זיי פאַר זיינע שקלאַפען, אָדער גלאַט הנאה צו האָבען פון א טייך בלוט. וועלכע ער, דער הערר פון דער וועלט, האָט בכח צו פערגיסען. דיא צאָהל פון אַזעלכע היני־געשלאַכטעטע אונציוויליזירטע פאַר דיא לעצטע פיער הונדערט יאָהר גרייכט אין דיא מיליאָנען. גאַנצע שטאַמען און פעלקער זיינען אויסגעטיליגט געוואָרען, אַז עס איז פון זיי קיין שריד ופליט ניט געבליבען. זיי זיינען פערשוואונדען אויף אייביג. ביי אַזאַ שרעקליכען פערניכטונגס־קאַמפף קען, זעלבסטפער־שטענדליך, דיא רייד ניט זיין וועגען אַ'ן אויסמישונג פון די ראַסען. ווען דיא אייראָפּעער וואָלטען אַליין ניט געוועזען מעהרסטען טהייל באַרבאַרען און וואָלטען אַנשטאָט אַזאַ פערניכטונגס־ארבייט בעסער געצייגט זיך פריינדליך צוא די אונציוויליזירטע, וואָלט דאן אַ פערשמעלצונג פון דיא ראַסען זיכער געוועזען מעגליך און לייכט. דער אַלגעמיינער בעגריף פון גוט און רעכט האָט אויף דער גאַנצ'ער ערד פער־לייכטערט אַזאַ פערשמעלצונג. אין דער ווירקליכקייט קומט דאָך פאַר אונזערע אויגען דיא פערמישונג פון דיא ראַסען, טראָץ דער פערניכטונג און טראָץ דער שקלאַפעריי. און ווען אַ פערשמעלצונג פון ראַסען וואָלט חס וחלילה ארויסגעבראַכט נור אונפרוכטבאַרע קריפלעס, דאַן האָט שוין דיא גאַנצע מענשהייט געדאַרפט לאַנג זיין פעראורטהיילט

צום אונטערגעהן, ווייל, וויא געזאָגט, קומט דאָך טהאַטזעכליך פאָר דיעזע פערשמעלצונג. מיר אַליין זעהען וויא דיא מענש־הייט געהט אַלץ ווייטער אויף דעם וועג צוא ווערען איין פאַמיליע.

זיד־אַמעריקאַ, דיא צענטראַל־אַמעריקאַנישע רעפובליקען, דיא אַנטיללען און אַ טהייל פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען זיינען בעפעלקערט מיט אַ מישמאַש ראַסע, אין וועלכע ווייסע, שוואַרצע און רויט־הויטיגע זייגען צוזאַמענגעמישט. פון דיע־זער צומישונג איז אַרויסגעקומען אַ גאַנץ נייער, אייגענ־טהימליכער טיפ, און בשום אופן ניט איינער פון דיא אַלטע, אָריגינעלע טיפען, פון וועלכע ער איז ארויסגעקומען. מיר זעהען דאָ פעלקערשאַפטען, וועלכע בעזיצען דיא אינטעליגענץ פון דעם אייראָפּעער, דעם אונאבהענגיקייטס־גייסט פון דעם אינדיאַנער און דיא גליהענדע פאַנטאַזיע פון׳ם אַפריקאַנער. און דאָס אליין קען שוין אונז דיענען אַלס געניגענדער בע־וויז, דאָס ניט קוקענדיג אויף זייער אורשפרונג, קענען זיך דיא פערשיעדענע ראַסען דאָך זעהר גוט פערשמעלצען. דיא מענשען זיינען פריער געוועזן געגען פערענדערונג. זיי האָבען געהאַלטען פאַר אַ חיוב צו בלייבען וויא זיי זיינען. עס איז געוועזן אַ פערברעכען צו ענדערן זיך. דיא שולד דעריין איז געוועזן דיא אונבעוועגליכקייט פון דיא פעלקער. דער היינטי־גער עגיפטער, צום ביישפיעל, איז—ניט ריידענדיג וועגען מאַנכע אויסנעהמען— פונקט דערזעלבער וויא יענער שקלאַף, וועלכער האָט געלעבט נאָך אין פרעה׳ס צייטען, אַזוי וויא מיר טרעפען איהם אויף דיא אָבעליסקען. האָבען מיר אָבער דען געטראָפען גואו אין דיא צייכנונגען אויף שטיין, וועלכע זיינען פערבליבען פון אַמאָל, אַ טיפ פון אַ יענקי, אָדער פון אַ היספּאַנאָ־אַמעריקאַנעם? דאָס זיינען נייע טיפען, וועלכע זיינען ארויסגעקומען דורך דער ראַסען־פערשמעלצונג. דיא פיעלפאַכע, פלוצלונגע אומוועקסלונגען, דיא בעשטענדיגע

וואנדערונגען, דיא פֿערשיעדענע עלעמענטען, וועלכע ווערען צוגעפֿיהרט דורך דיעזע וואַנדערונגען, דיא קרייצונגען פֿון דיא פֿערשיעדענע פֿאַמיליעס. דער צומישטער צוזאַמענ־לעבען און דיא פֿערענדערונג פֿון קלימאַט דורך דער קולטור — דאָס אַלעס בריינגט דאַצו, אַז דיא בעוועגליכע טיפען זאָלען זיך זעהר לייכט פֿערשמעלצען.



## II.

דער איינפלוס פון'ם קלימאַט אויף דער מענשהייט. — דיא טראָפּישע קרייזען, דיא פּאָלאַר קרייזען און דיא געמעסיגטע קרייזען.



עס איז שווער גענוי נאָכצוּווייזען דעם איינפלוס פון'ם קלימאַט אויף דיא בעוואָהנער פון אַ לאַנד. דער קלימאַט אייגענטליך איז צוזאַמענגעזעצט פון פערשיעדענע עלעמענטען, און וויא גלייך עס זאָל ניט זיין דער קלימאַט פון מאַנכע לענדער, פון דעסטוועגען מישען זיך אין יעדען לאַנד אריין גאַנץ נייע עלעמענטען, וועלכע עס קענען ניט זיין אין'ם אַנדערן לאַנד, און דאַדורך ענדערט זיך אייך איניגער מאַסען דיא ווירקונג פון'ם קלימאַט אויף דיא בעוואָהנער פון דיעזען לאַנד. דערפאַר קען מען בלויז נאָכווייזען אין אַלגעמיינעם דעם איינפלוס פון'ם קלימאַט אויף דיא בעוואָהנער פון געוויסע לענדער, אָבער ניט גאַנץ גענוי.

אין דיא טראָפּישע קרייזען טרעפען מיר געוואַלטיגע הפכים פון דער נאַטור: מיר טרעפען דאָרט גאַנץ גרויסע שטרעקעס פון הוילע מדבריות, וואו מיר געפינען קיין זכר פון וואַסער, קיין שום פלאַנצען און מיר טרעפען דאָרט אויך דיא פרוכטבאַרסטע געגענדען, אויף וועלכע דיא זונן שיקט אַראָפּ איהרע פייעריגע שטראַהלען און דיא וואָלקען לײדיגען אויס שרעקליכע גוסען פון רעגען.

אין דעם קלימאַט פֿון דיא טראָפּישע געגענדען, גיט דיא נאַטור אַלעס פֿון פֿולער האַנד; דאָס לעבען איז דאָרט זעהר האַסטיג, ראַש, אונבעגרעניצט. דיא בוימער זיינען אונגע־הייער געוויקסיג; זייערע בלעטער זיינען משונה דיק און ברויט; זיי זופּען אין זיך אריין אין מאַסען דיא קוילען־זויערע פֿון דער לופֿט און דאַדורך וואַקסען זיי שנעל, גרויס און ברויט. באַמבוס גראָזען שפּראָצען אַרויס כהרף עין פֿון דער ערד און זיי בילדען זיך שנעל, וועבען זיך ראַש, ממש פֿאַר אייערע אויגען. עס דויערט ניט לאַנג אום זומפּען זאָלען זיך בעדעקען מיט גאַנצע אינזלען בעוועגענדע גראָז. אַט ברעכט אויס אַ שטורם און רייסט אויס אַ ריעזען־בוים מיט דיא וואָרצלען פֿון דער ערד ארויס, באַלד אָבער שפּרינגט אויף דעם זעלבען פֿלאַץ ארויס אַ נייע שפּראָצונג, וואַקסט אונגע־הייער גיך, עס דויערט ניט לאַנג און אַן אַנדער גרויסער בוים פֿערנעמט דעם פלאַץ פֿון דעם אלטען. דאָס לעבען איז דאָרט האַסטיג, ער ווערט פֿעריונגט דורך'ן טויט; דאָס אַלטע שטאַרבט שנעל אָפּ און ווערט זאָפּאָרט פֿערביטען מיט מאַסען נייע ברואים.

אין יענעם פּרוכטבאַרען קלימאַט, וואו דיא לופֿט איז שטענדיג דורכגענומען מיט א וואַרעמע פֿייכקייט, ענטוויקלען זיך דיא פֿלאַנצען, וואָס דינען אַלס נאַהרונג פֿאַר דיא מענשען, אויך זעהר שנעל. עס איז דאָרט אַ'ן אונבעשרייבליכע געדע־טענעס. אין מאַנכע טראָפּישע געגענדען דאַרף דער מענש זיך ווענינ מיהע געבען אום צו געפֿינען פֿאַר זיך שפּייז. דער "בזעת אפּיך תאכל לחם" איז ניט פֿאַר דאָרט געשריבען געוואָרען. דער מענש דאַרף דאָרט נור שאָקלען דיא בוימען אום פֿון זיי זאָלען זיך שיטען גענוג געשמאַקע פירות; ער דאַרף נור אַביסעל אַ גראָב טאָהן דעם באָדען אום ארויס־צונעהמען פֿון איהם זאַפֿטיגע און נאַהאַפֿטע קערנער. פֿון קיין דאגת חיונה ווייס דאָרט אין דער ווירקליכקייט דער־

מענש גאָר ניט; דאָס לעבען קומט איהם אָן זעהר לייכט, און דערפֿאַר האָט דאָרט ביי איהם דאָס לעבען טאַקע קיין שום ווערטה נישט. ער פֿערדינט ניט זיין לעבען דורך שווע־רע ארבייט און ער רעכענט איהם דערפֿאַר פֿאַר אַ גאַנץ בילינע זאַך; ער צאָהלט ווענינ פֿאַר דאָס פֿערגעניגען צו לעבען און דערפֿאַר קען ער אויך דאָס לעבען ניט שעצען. און אין דער ווירקליכקייט זעהן מיר טאַקע, אַז ער פֿעראַכ־טעט דאָרט דאָס לעבען; עס האָט פֿאַר איהם אַ קנאַפּע ווערטה, ער בעקלאָגט זיך ניט ווען איהם קומט אויס צוא שטאַרבען און זיינע פֿריינד פֿערגיסען אויך ניט קיין טרערען איבער זיין טויט.

ווען עס ברעכען אויס פלוצלונגע עפּידעמיעס, מגפות, פֿערניכטען זיי דיא מענשען אזוי וויא דער פֿערוויסטונג־שטורם פֿערוויסטעט אַ וואַלד אָדער אַ פֿעלד. עס בלייבט כמעט קיין זכר נישט פֿון לעבען. עס טרעפֿט דאָרט אויך אַז אַ הונגער־מגפה זאָל אויסברעכען און אויסראָטען אַ גרויסע טהייל פֿון דער בעפֿעלקערונג, אויב דיא מענשען האָבען פֿערגעסען אין דיא זאַטע יאָהרען, ווען עס איז געווען אונ־געהייערע גערעטענעס, אָנצושפּייכלערן גענוג פּירות און תבואות פֿאַר דער שלעכטער צייט. אָבער וואָס פֿאַר אַ בע־דייטונג האָט דאָרט אַן עפּידעמיע אָדער אַ הונגער מגפה? וואָס פֿאַר אַ בעטרעף האָט דאָרט דער טויט פֿון איינינע מענשען אָדער אפילו דיא פֿערוויסטונג פֿון גאַנצע דורות? דיא קינדער צאָהלען עס אָפּ כפלי כפלים; זיי זיינען פרים ורבים אַזוי וויא דיא גראָז אין פֿעטען פֿעלד. דיא גראָזען וואַקסען אונטער דעם שנייד־מעסער און דיא מענשען מעהרען זיך אונטער דיא פֿליגלען פון טויט.

און מיר זעהען דאָרט, אַז דיא רייכקייט, דיא פֿולע האַנד פֿון׳ם קלימאַט, דיא פֿרוכטבאַרקייט פֿון באָדען, דיא גערעטענעס פֿון לעבען און דיא האָסטינקייט פֿון׳ם טוירט,

דאָס אַלעס ברייגגט דאַצו, אַז דער מענש זאָל דאָרט פֿון זיין געבאָרענהייט אָן איינגעוואָהנען זיך צו זיין נאַכלעסיג, זאָרג־לאָז, פֿויל, אָפּגעלאָזען. און דאָס זעלבע בעמערקען מיר אויך ביי דעם מענשען דאָרט אין רעליגיעזער בעציהונג. דער מענש זעהט פֿאַר זיך אַ געוואַלטיג רייכע און מעכטיגע נאַטור, און עס בלייבט אידם נור איינצובייגען דעם קאָפּ פֿאַר איהר מאיעסטעט. זיא איז צו מורא׳דיג, ווען זיא איז אין כעס; איהרע לעבענס־ערשיינונגען זיינען צו רייך, צו גרויס צו שטורעמדיג; איהרע וועקסלונגען זיינען צו רעגעלמעסיג, און ער וואגט ניט, ער האָט ניט קיין העזה צו קעמפּפען געגען איהר. ער פֿיהלט זיך אַלס שקלאַף געגען אַזאַ גלענצענדער נאַטור. ער פֿערגעטערט איהרע גרויסאַרטיגע ערשיינונגען: ער טוהט תפלה צו דער זונן, ווייל איהרע שטראַהלען זיינען אַזוי פֿייערינ, אַז זיי פערברענגען אויף טוידט; ער קניעט זיך פֿאַר דיא וואָלקענס, ווייל זיי דונערן און בליצען. אַז עס ווערט צוציטערט אַלעס אויף דער ערד; ער פֿערהייליגט דעם פֿינס־טערען וואַלד, ווייל ער בעהאַלט אין זיך אַזוי פֿיעל טיגערן און שלאַנגען; ער פֿערעהרט זיין גאַנצע אומגעבונג, ווייל אַלעס איז אַזוי גרויס, אַזוי מעכטיג און קען איהם אַזוי לייכט פֿערניכטען. דיא קרעפֿטעז פֿון דער נאַטור ארבייטען אזוי פֿיעל, אַזוי ראַשיג, אזוי האַסטיג רינגס און ארום איהם, אַז דאָס גיט איהם ניט דיא מעגליכקייט צו ארבייטען. און ער דענקט אפילו וועניג, קוים גאָר וואָס ער דענקט. ער געפֿינט זיך וויא אין אַ שטענדיגען שלומער. אָבער ווען ער ערוואַכט שוין איין מאָל צו פֿערטיעפֿען זיך און בעטראַכטען דיא נאַטור־געזעצע, וועלכע זיינען אזוי טהעטיג אַרום איהם, דאַן זיינען זיינע געדאַנקען אַזוי טיעף און אזוי ברויט, עהנליך צו דיא נאַטור־געזעצע אליין, וועלכע שפּיגלען זיך אָפּ אין דיעזע געדאַנקען.

* * *

דיא נאַטור פֿון דיא טראָפּישע קרייזען, וויא מיר האָבען זיא דאָ אויבען בעשרעכטעם, איז אַלזאָ ניט בעזאנדערנס גינסטיג פֿאַר דעם פֿאָרשריט פֿון דער מענשהייט, טאַקע מחמת איהר אונגעהייערער רייכקייט. ווען מיר זאָלען בעטראַכטען נאָך דעם דיא נאַטור פֿון דיא פּאָלאַרישע קרייזען וועלען מיר געפֿינען, אַז זיא איז נאָך ווייניגער גינסטיג פֿאַר דיא ענטוויקלונג פֿון אַ גליקליכער מענשהייט. דיא מענשען, וואָס לעבען אין דיא פּאָלאַר-געגענדען זיינען אסך אונגליקליכער איידער דיא מענשען פֿון דיר טראָפּישע געגענדען. אין דיא פּאָלאַרישע לענדער איז דיא מענשליכע בעפֿעלקערונג זעהר שיטער. דיא אָרעמע בעוואָהנער פֿון יענע לענדער האָבען נעביך שווער צו קעמפּפֿען געגען קלימאַט און געגען דער אומגעבענדער נאַטור, אום צו ערווערבען זיך זייער טעגליכע נאַהרונג. דיא אייזבערג (גלעטשערן) און דער מאַנגעל אין געוויקסע גיט זיי ניט דיא מעגליכקייט אריינצודרינגען אין מיטען פֿון דיא אינזלען און פֿון לאַנד; זיי זיינען דערפֿאַר געצוואונגען צו בעזעצען זיך אויף דיא ברעגען פֿון אָקעאַן; דאָ, אויף'ן ברעג פֿון'ם ים, בויען זיי זיך זייער אָרעמע הייזעלע פֿון האָלץ אָדער פֿון אייז און שנעע, ווייל אַהער בריינגט אַם וויינינסטען ווען עס איז דער ווינד וואַרעמען הויך פֿון עקוואַטאָר; דיא שטראָמען בריינגען אַהער אַמאָל פֿון דיא טראָפּישע טייכען וואַרעמע כוואַליעס, וועלכע האָבען אויף'ן וועג נאָך ניט אין גאַנצען פֿערלאָרען זייער אורשפּרינגליכע היץ. ווען דער ים איז אַמאָל שטיל פֿון שטורם און ווען ער איז ניט בעדעקט מיט אַ דיקע שאָלאַכץ פֿון אייז, דאַן קען דער פֿישער ארויס אין זיין אָרעמע שיפֿעלע, וואָס איז געמאַכט פֿון פֿעל פֿון חיות, און פֿאַנגען ראָבען און פֿיש אַלס נאַהרונג פֿיר איהם און זיין פֿאַמיליע. ווען ער האָט געפֿאַנגען גענוג נאַהרונג פֿיר זיין פֿאַמיליע, קעהרט ער זיך

דאַן אום צוריק אין זיין פֿינסטערע הייזקע, און דאַ, אין דיד־זער פֿינסטערער לאָך, וועלכע דיענט איהם אַלס וואהנונג, וואַרעמענדיג זיך ביים פֿלאַם פֿון פֿיש־אויל־לאָמפּ, ברייננגט ער צו דיא לאַנגע, לאַנגע און קאַלטע ווינטער־נאַכט. דיא נאַכט איז אַזוי לאַנג, אַז עס דוכט זיך זיא וועט זיך קיין מאָל ניט ענדיגען; דיא זונן, דער מקור פֿון ליכט און לעבען אויף דער ערד, בעגליקט זעהר זעלטען מיט איהר ערשיינונג דיא בעוואהנער פֿון דיא פּאָלאַר־לענדער; צייטענווייז ווייזט זיא זיך ניט וואָכען און מאָנאַטען לאַנג. און דיא פּאָלאַר ליכטער, וועלכע פֿערטרעטען דאָרט צייטענווייז דיא שטעלע פֿון דער זונן, גיבען פֿון זיך אַרויס אַזא מין בלייכע, מאַטע ליכטיג־קייט, אַזוי וויא גייסטער וואָלטען דאָס ארומשוועבען. דאָס איז טרויעריגעס ליכט אָן לעבען. און טרויעריג זעהר טרויעריג איז דאָרט דאָס לעבען אין דער לאַנגער, אונענדליכער לאַנגער, קאַלטער ווינטער־נאַכט. אויך דער הונגער איז ניט קיין זעל־טענער גאַסט דאָרט און בעזוכט צו אָפֿט דיא אָרעמע איינ־וואהנער פֿון דיא פּאָלאַר געגענדען. מאַנכע מאָל פֿערוויסטעט ער גאַנצע שטאַמען, אַז עס בלייבט פֿון זיי קיין זכר ניט.

עס איז גאָנץ בעגרייפֿליך, אַז אזא קלימאַט און אזא אומגעבונג, אזא דורכאויס טרויערפֿולע נאַטור האָט אויך אַ שטאַרקע ווירקונג אויף דעם גייסט פֿון דיא דאָרטיגע מענשען. דער גייסט פֿון דיא עסקימאָסען, גרענלענדער, קאַמטשאַדאַלען און דיא אַנדערע שטאַמען פֿון דיא פּאָלאַר־לענדער איז זעהר אַ געפֿאַלענער, אַ נידערגעדריקטער. זייער לעבען איז אַזוי איינפֿאַך, איינטעניג, אהן אומוועקסלונג, אַז דיא מינדעסטע ענדערונג פֿערשאַפֿט זיי אַ מאָדנעם פֿערגעניגען; דאָס אַמו־זירט זיי אַזוי וויא קליינע קינדער, ווען זיי דערזעהען עפּעס אַ נייע זאַך. פֿון קיין שטאָלץ ווייסען זיי ניט. דער שווערער קאַמפּף אום׳ס דאַזיין מאַכט ויי אַראָפּגעפֿאַלען, נכנע ונשפל. זיי זיינען דורכאויס פֿערנומען אין זוכען חיונה, — און צו

געפינען חיונה איז דאָרט שווער זעהר שווער; דער קלימאַט איז צו רוי, דער באָדען צו האַרט, געפרוירען און דער מענש קען דאָרט גאָר ניט פּרובירען איינווירקען אויף זיין אומגעבונג. דער פאָלאַר־בעוואָהנער האַלט זיך קליין, ער איז ווייכהערציג, זאנפט און פריינדליך; ער האָט ניט קיין גרויסע פערלאנגען, זיין פאַמיליע אין זיין אָרעמער שנעע־שטיבעלע איז פאַר איהם דיא גאַנצע וועלט. ער ליעבט זיין פאָטערלאַנד, ווייל זיינע געדאַנקען זיינען אַזוי איינפאַך וויא זיין לאַנד. ער שטאַרבט, ווען ער איז געצוואונגען זיין לאַנד צו פערלאָזען, ווייל ער איז צו איהם שטאַרק צוגעבונדען, ווייל דאָרט נור געפינט ער דיא קינדערשע פריידע, דיא שטילע, ניט אויפרעגענדע צופריעדענהייט, דיא מאָנאָטאָנע רוהיגקייט אין זיין שווערען, האַראָפּאַסנעם לעבען. דיא פאָלאַר־פעלקער זיינן נאָך קינדער, אָרעמע, שוואַכע, קליינע קינדער און זיי שטאַרבען ווען מען רייסט זיי אָפּ פון זייער מוטער־ברוסט.

* * *

מיר האָבען אַלזאָ געזעהן, אַז ניט דיא נאַטור פון דיא טראָפּישע און ניט דיא נאַטור פון דיא פאָלארישע לענדער קענען ערציהען אַ גליקליכע מענשהייט. דערפאַר אָבער זיינען דיאביידע געמעסיגטע קרייזען דיא געגענדען אויף דער ערד, אויף וועלכע דיא מענשען געפינען דיא גינסטיגסטע בעדינ־גונגען פיר זייער ענטוויקלונג. און פון דיעזעביידע איז דער געמעסיגטער קרייז פון דער נאָרדליכער ערד־העלפט דער גינסטיגסטער. אויב דיא מעהר אָדער ווייניגער ציוויליזירטע פעלקער פון וועסט אייראָפּאַ און פון נאָרד אַמעריקאַ ריהמען זיך מיט זייער גרויסארטיגען פאָרטשריט, דאַן דאַרפען זיי ניט פערגעסען, אַז דאָס איז צו פערדאַנקען דעם גליקליכען קלימאַט פון דיעזע לענדער, וועלכער מאַכט אַז אַזאַ פאָרט־שריט זאָל זיין מעגליך.

דער הויפּט כאַראַקטער־צוג פון דעם געמעסיגטען

קלימאַט בעשטעהט אין דיא גלייכמעסיגע און פעריאָדעישע וועקסלונג פֿון וואַרעמע און קאַלטע יאהרעס־צייטען. דיא טעמפעראַטור פֿון דיא טראָפּישע לענדער איז בעשטענדיג א הייסע: זיא ענדערט זיך זעהר זעלטען, און ווען זיא ענדערט זיך אפילו אַ מאָל איז דאָס אויך גאַנץ ווענינ. אין דיא פּאָלאַר לענדער, פֿערקעהרט, איז דיא טעמפעראַטור בעשטענדיג א קאַלטע, אייז־קאַלט; מילדערער וועטער טרעט דאָרט איין בלויז אויף עטליכע וואָכען אין יאָהר. אין דיא געמעסיגטע לענדער אָבער ענדערן זיך רעגעלמעסיג דיא יאָהרעס־צייטען. דיא געמעסיגטע לענדער געפֿינען זיך צווישען דיא צוויי הפכים און דיא נאַטור ווערט דאָרט בעווירקט פֿון ביידע זייטען; קאַלטליכע, קאַלטע, וואַרעמליכע און וואַרעמע וועטערן בייטען אָפּ איינע דיא אַנדערע פעריאָדיש. דיעזע לענדער האָבען זייער קלימאַטישען צוקומען און אבפאלען (עבבע און פלוטה). אין פֿריהלינג און זומער שטייגט דיא וואַרעמקייט פֿון דעם עקוואַטאָר צו דיא פּאלען; אין הערבסט און ווינטער פאַלט עס צוריק פֿון דיא פּאָלען צום עקויאטאָר. דיעזע עקסטרעמען אין דער טעמפעראַטור קומען אָבער ניט מיט איין מאָל, זיי ענדערן זיך ניט אַזוי שאַרף און אַזוי האַסטיג, אַז דאָס זאָל שטאַרק שאדען דעם מענשען; זיי טהיילען זיך אָפּ איינע פֿון דיא אַנדערע מיט אַ לאַנגער צווישען־צייט דיעזע צווישען־צייט איז אַ פֿערמיטלונג; דיא ענדערונג קומט ביסלעכווייז, שטופענווייז, עס דויערט וואָכען און מאָנאַטען לאַנג ביז פֿון וואַרעמען וועטער זאָל איבערגעהן אין גאַנץ קאַלטען און פֿערקעהרט; דערפֿאַר בעאיינפֿלוסט דיעזע ענדערונג לאַנגזאַם, שטופענווייז, ביז מען געוואהנט זיך צו צו דעם איבערבייט אין דער טעמפעראַטור.

עס בייט זיך אויך דער אויסזעהן פֿון דער נאַטור אין דיעזע געגענדען. אין געוויסע יאהרעס־צייטען זעהט דאָ אוים דיא נאָטור אַזוי שעהן, לוסטיג, לעבעדיג און פליסט איין א

פּרעהליכעס געמיטה; אין אַנדערע יאהרעס־צייטען זעהט זיא פערקעהרט, אויס אומעדיג, מעלאַנכאָליש און פליסט איין אַ טרויעריגעס געמיטה. אין דער וואַרעמער יאָהרעס־צייט איז דיא ערד אזוי ליעבלעך און ערפרעהענד,—זיא יוערט בעפּוצט מיט גראָזען, פערציערט מיט בלומען און פּלאַנצען; די לופט איז אָנגעפּיהלט מיט געשמאַקע ריחות און דורכגענומען מיט דיא וואַרעמע און ליכטיגע שטראַהלען פון זונן, וועלכע פער־שפּרייטען איבעראַל הייטערס, פרישעס לעבען,. און ווינטער פערקעהרט, שטאַרבט עס אַלעס אָפּ. דיא בוימען זיינען נאַקעט, דיא צווייגען זיינען הויל, דיא גראָזען פערשווינדען. דיא ערד פערציהט זיך אויף אַ געוויסער צייט מיט אַ קאַל־טער רעקע פון שנעע און עס זעהט זיך ניט איהר טהעטיג־קייט; זיא גרייט זיך נור צו בסוד צו אַ נייעס, פרישען, יונגען אויפשפּראָצונג פון ווידער־לעבען אין פריהלינג, ווען זיא וועט איבער אַ נייעס אויפוואַכען פיר דעם וואַקסען און בליהען פון איהרע קינדער....

דיעזער פעריאָדישער וועקסלען זיך פון דיא יאָהרעס־צייטען, וויא שוין געזאָגט, ענדערט זיך ניט אַזוי שאַרף און אזוי האַסטיג, אַז דער מענש זאָל שטאַרק ליידען פון דיזער ענדערונג אין דער טעמפעראַטור. דער איבערגאַנג פון קאַלט צו וואַרם און פון וואַרעם צו קאַלט קומט פאַר מיט אַ גע־וויסער האַרמאָניע, אזוי אַז דעם מענשענס קערפער געוואהנט זיך ביסלעכווייז צו צו דער ענדערונג און ליידעט גאָר דאַביי ניט. עס געהט איבער פון טעג אויף וואָכען און פון וואָכען אויף מאָנאַטען, און דער מענש פאָלגט נאָך דיעזע וועקסלונג פון קלימאַט אָהן מיהע, אהן גרויסע זאָרגען, אָהן שטאַרקע אנשטרענגונג. אין׳ם לויף פון אַ יאָהר לעבט ער דורך אלערליי מעגליכע קלימאַטען. פאַר איהם שפּילען זיך אָפּ נייע ער־שיינונגען אויף דער זעלבער ערד, ער זעהט נייע לענדשאַפ־טען אויף דעם זעלבען פלאַץ. דיא נאַטור וויגט זיך פאַר איהם

צייַשען דיא טראָפּישע און פּאָלאַרישע קרייזען. דאָס קומט מעהר קעלט, דאָס מעהר וואַרעמקייט. דיא סצענעס וועלכע ביטען זיך אויף דעם זעלבען פּלאַץ פֿון איין יאָהרעס-צייט צו דער צווייטער, מאַכען אויף איהם דיזעלבע ווירקונג, אזוי וויא ער וואָלט דורכוואַנדערען הונדערטער מייל פֿון איין לאַנד צום צווייטען, נאָך מעהר. דיא נאַטור וויזט איהם נור דיא שעהנקייט, דיא אנגענעהמליכקייט פֿון דיא פֿערשיעדענע קלימאַטען; זיא ברינגט איהם אָבער קיין מאָל ניט דאָס שלעכטע פֿון דיזע קלימאַטען, זיא וויזט איהם קיין מאָל ניט דיא שרעקענס-סצענעס, טאָרנאַדאָס, און עהנליכע אנשיקעניסען וויא אין דיא טראָפּישע לענדער, אדער שנעע-שטורעמס, אייזבערגען אייז און עקסטרעמען פֿראָסט וויא אין די פּאָלאַר-לענדער.

דיא פֿיעלפֿאַכקייט און דיא פֿערשיעדענהייט פֿון דיזע קלימאַטישע ערשיינונגען, דיא פֿריעדליכע און רוהיגע אַרט פֿון זייערע ענדערונגען, דאס זיינען דיא פֿאַקטאָרען, וועלכע מאַכען גינסטיג דיא געמעסיגטע לענדער פֿיר דיא ענטוויקלונג פֿון דער מענשהייט. דער מענש לעבט אין דיזע געגענדען מעהר וויא ערגענץ אַנדערשוואו. דיא נאַטור ווירקט דאָ שטאַרק און רעגעלמעסיג. דאָ דרינגען דורך דיא איינפֿלוסען פֿון בײַדע זייטען: פֿון עקוואַטאָר און פֿון דיא פּאָלען. דאָ ווערען נאָר פֿערפֿיעלפֿאַכט דיא ערשיינונגען דורך זייער גע-געזייטיגע ווירקונג, און דורך דיזער וועקסעל-ווירקונג פֿערמינדערן זיי איינע דיא אַנדערע: דער קאַלטער שטראָם ווירקט אויף אָפּצוקיהלען דיא הייסע טעמפּעראַטור, דער הייסער שטראָם ווירקט אויף אָפּצושוואַכען דעם פֿראָסט. דיא רעגעל-מעסיגע ענדערונגען ברינגען אין דער זעלבער צייט אי בע-וועגונג, אי גלייכגעוויכט. דער מענש ווערט פֿון זיי בעאיינ-פֿלוסט און בעטראַכטעט אין זיי אי דיא עוויגקייט פֿון דיא נאַטור-געזעצע, אי דיא פֿערשיעדענאַרטיגקייט פֿון זייערע

ערשיינונגען. דאָס וויכטיגסטע דערביי איז נאָך דאָס, וואָס די נאַטור רייצט איהם דאָ צום אַרבייטען, ווייל די נאַטור פֿון די געמעסיגטע געגענדען איז נור דאַן פֿרייגעביג, ווען מען פֿערשטעהט זיא וויא אויסצוניצען און אייסצואַרבייטען. אין פֿריהלינג מוז מען שוין בעאַרבייטען דעם באָדען אום צו האָבען נאַהרונג אין דעם קינפֿטיגען ווינטער. יעדע יאָהרעס־צייט מוז דאָ פֿאָרבערייטען די נעקסטע. אין דיעזע געגענדען לערנט זיך דער לאַנד־ארבייטער אָפּצושפאָרען פֿון זיין זאַמ־לונג און פֿערטרויען דאָס דער מוטער ערד, זיא װאָל איהם אין אַ האַלב יאָהר אַרום אָפּצאָהלען כפלי כפלים. און דאָס ענטוויקעלט אין מענשען איינזיכט, שטרעבען און לוסט צו לעבען.

דערפֿאַר האָט זיך דאָס אין די געמעסיגטע לענדער, וואו דער באָדען איז פֿרוכטבאַר, גוט בעוועסערט און געזונד, און דער פֿערקעהר צווישען די פֿעלקער איז לייכט, אָנגע־זאַמעלט אַזאַ צאָהל־רייכע בעפֿעלקערונג, טראָץ אַלע מלחמות און רייסערייען.



## III.

### דער איינפלוס פון דיא פלאַנצינגע לענדער, בערג, טהאָלען און דיא פערשיעדענע פאָרמען פון באָדען אויף דער מענשהייט.

דיא אונגלייכהייטען אין דער פאָרם פון'ם ערד באָדען האָבען אַ שטאַרקען איינפלוס אויף דיא ענדערונגען אין קלימאַט, און אזוי וויא מיר וויסען שוין פון פאָריגען קאַפּיטעל וואָס פאַר אַ געוואַלטיגען איינפלוס עס האָבען דיא קלימאַטישע פערהעלטניסע אויף דער מענשהייט, קען מען שוין דערפון אליין פערשטעהן, אַז דיא פערשיעדענע ערד־פאָרמען, ווירקענדיג אויף דער ענדערונג פון קלימאַט, ווירקען דאַדורך זעלבסטפערשטענדליך אויך אויף דיא מענשען, וועלכע בעוואהנען דיעזע פערשיעדענע ערד־פאָרמען.

אַ גרויסע בעדייטונג אין דער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט־געשיכטע האָבען דיא גלייכע הויך־לענדער אויף זיי זיינען דאָ גאַנץ איינענטהימליכע טייכען און ימים, אייגענטהימליכע בערג, אייגענטהימליכע פלאַנצען און חיות, אַן אייגענטהימליכער, שטענדיג קיהלער און טרוקענער קלימאַט — אַלעס ניט אַזוי וויא אין דיא טיעפע לענדער. דיעזע טרוקענהייט פון'ם באָדען, דיא שטאַרקייט פון'ם קלימאַט, דיא אונגעהייערע ווינטען און שנעע־שטורעמס מאַכען דיא הויכע לענדער פאַר פאָלשטענדיגע מדבריות. דאָס הינדערט דיא ארוים־וואָגענדע מענשען צו האָבען פערבינדליכקייט איינע

מיט דיא אַנדערע און מיט דיא פֿעלקער פֿון ווייטערע געגענ־
דען. אזוי למשל זיינען דיא לענדער פֿון זיד־אַמעריקאַ, צווישען
טשילי און דיא אַרגענטינישע שטאַאַטען, געפֿעהרליכע פלעצער
פאַר דיא רייזענדע. עס זיינען דאָ אַזעלכע הויך־לענדער,
וועלכע עס איז אונמעגליך אין ווינטער־צייט דורך־צופאַסי־
רען. אין דיא הייסע געגענדען זיינען אַזעלכע פלאַציגע הויכע
לענדער כמעט דורכאויס מדבריות, איבער דיא טרוקענהייט
פֿון דער לופֿט און פֿון׳ם באָדען. פֿארקעהרט אָבער, אין דיא
וואַרעמע לענדער זיינען אַזעלכע פלעצער דיא גינסטיגסטע
פֿאַר דער ענטוויקלונג פֿון זייערע בעוואָינער. זיי זיינען דאָרט
אַזוי וויא היינגענדע גערטנער, און זיי זיינען דערפֿאַר דאָרט
געדיכט בעפֿעלקערט, אַזוי וויא דיא געגענדען פֿון געמעסיג־
טען קליטאַט.

איבערהויפט ווענדט זיך דאָס אָן דיא געאָגראַפֿישע
ברייטקייט, וואָס עס פֿערנעמט אַ הויך ליגענדער פלאַץ, אן
דיא רעגען־קוועלען, וועלכע אזא לאַנד האָט, און אן דעם
געשטאַלט פֿון דיא אַרומיגע לענדער. אויב דיעזע פֿערהעלט־
ניסע זיינען גינסטיגע, אַזוי וויא צום ביישפיעל אין טראָפישען
אַמעריקאַ, דאַן טרעפֿען מיר אויף זיי פֿערהעלטניסמעסיג
פֿריעדליכע פֿעלקער, וועלכע בעשעפֿטיגען זיך מיט אקערבוי,
אינדוסטריע און האַנדעל. מיר געפֿינען אויך וויא ביי אַזעלכע
פֿעלקער האָט זיך געבילדעט אַן אור־אייגענע ציוויליזאַציאָן.
פֿערקעהרט אָבער, אויב דיעזע פֿערהעלטניסע זיינען אונגינ־
סטיגע, אזוי וויא אין גאַנץ מיטעל אַזיען, דאַן טרעפֿען מיר
אויף זיי אַ גאַנץ שיטערע באַפֿעלקערונג, מעהרסטענטהיילס
וואַנדערר־פֿעלקער (נאָמאַדען) און אָפֿט אויך רויב און מאָרד
באַנדעס.

דיא בערג האָבען אויך אַ פֿערשיעדענעם איינפֿלוס אויף
דיא מענשען וואָס בעוואהנהן דיא טהאָלען, וועלכע די בערג
שליסען אַרום. עס ווענדט זיך וויא הויך דיא בערג זיינען,

וואָס פֿאַר אַ פֿאָרם זיי האָבען, וואָס פֿאַר אַ'ן אַרט שטיינער זיי האָבען, וואָס פֿאַר אַ גראַד בעלייכטונג זיי לאָזען צו צום טהאָל, וואָס פֿאַר אַ טעמפּעראַטור און אַנדערע קלימאַטישע פֿערהעלטניסע. נעמען מיר, צום ביישפּיעל, דעם קאָנטראַסט צווישען דיא איטאַליענישע טהאָלען פֿון דיא צ ע נ ט ר אַ ל ר אַ ל פּ ע ן און דיא פֿראַנצויזישע טהאָלען אין דיא בערג פֿון'ם ד אָ פ י ן. דיא ערשטע, דיא טהאָלען פֿון דיא צענטראַלער אלפען, געפֿינען זיך אונטער דעם פֿולען גלאַנץ פֿון דער זונן, זיינען אַרומגערינגעלט מיט ימים און ווערען אָנגעטרונקען פֿון זייערע בלויע וואַסערן; זיי זיינען ווייט פֿאַנאַנדער גע-עפֿנט געגען דיא גרינע פֿלאַך-לענדער. דיא איינוואונער, קו-קענדיג פֿון דיא בערג, זעהן אַרום זיך אַ ווייט-ווייטען, ענדלאָזען האָריזאָנט, וועלכער איז אַזוי רייצענד שעהן, שעה-נער אוידער דער שעהנסט אויסגעמאָלטער לאַנדשאַפֿט. דיא אַנדערע אָבער, דיא בעוואינער פֿון דיא טהאָלען אין דיא בערג פֿון ד אָ פ י ן, זעהען אַרום זיך נור אַ דונקעלן האָריזאָנט, פֿינסטערע טהאָלען, צוברעקעלטע פעלזען, מאָגערע, שיטער בעוואַקסענע גערסטען און קאַרטאָפֿעל-פֿעלדער. דער באָדען איז אַזוי שטיינערדיג אַז קיין גערעטענים קען דאָרט ניט געמאָלט זיין. דעם גרעסטען טהייל פֿון ווינטער בעהאַלט זיך דיא זונן פֿון זיי אַהינטער דיא הויכע בערג און נור אַ שוואַכער אָפּשיין פֿון איהר לאָזט זיך זעהן אויף דיא שפּיצען פֿון דיא בערג. און דערפֿאַר, ווען עס ווייזט זיך אין פֿריה-לינגס-צייט דיא שיין און וואַרעמקייט פֿון דער זונן, בעגעגנען עס דיא איינוואָינער וויא אַ גאָטטהייט און עס ווערט ביי זיי אַ גאַנצער י"ט. עס זיינען דאָרט דאָ פֿלעצער, וואו דיא זונן ווייזט זיך ניט אין ווינטער-צייט הונדערט טעג נאָכאַנאַנד— און דיא דערפֿער, וואָס ליגען אין דיא טהאָלען, בלייבען דיא גאַנצע צייט אין פֿינסטערנים, פֿאַרשטעלט פֿון דיא שנעע-בע-דעקטע בערג. אין דיא אַלפּען-בערג אָבער איז עס פֿערקעהרט,

דאָרטען זיינען דיא דערפּער געבויט אויף דער אָפּענער זייט און זיינען שטענדיג בעגלענצט פֿון זונען־שטראַהלען.

דיא גרויסע פערשיעדענהייטען, וועלכע עס שטעלען מיט זיך פֿאָר דיא געשטאַלטען און דיא ריכטונגען פֿון דיא בערג, זיינען אַקוראַט פאַסענד צו דיא קאָנטראַסטען, וועלכע עס שטעלען מיט זיך פֿאָר דיא בעוואָהנער זייערע אַליין. דיא שעהנסטע מענשען טרעפֿען מיר צווישען דיא בעוואהנער פֿון דיא הויכע טהאָלען און פֿון דיא בערג־זייטען פֿון קאַווקאַז. עבען אַזוי צייכענען זיך אויס דיא בעוואָהנער פֿון דיא אַלפען־בערג מיט זייער קרעפֿטיגען קערפּער־געבוי, אין דער שווייץ זעהן מיר שוין, פֿערקעהרט, אַן אונגעהייערע צאָהל פֿון הויי־קערס און הינקעדיגע. דיא שווייץ האָט פֿערהעלטניסמעסיג מעהר קריפּעלס איידער איר־געגענד וועלכעס אַנדער לאַנד פֿון איירראָפּאַ. דאָס זעלבע טרעפֿט מען אויך צווישען דיא בע־וואָהנער פֿון דיא פּירענעאישע בערג און כמעט אין אַלע אַנדערע בערגיגע לענדער. מאַנכע בעהויפּטען, אַז דיא אורזאַכע פֿון דיזע פֿעהלערהאַפֿטיגקייט איז דאָס, וואָס עס פֿעהלט יאָד אין דיא טרינק־וואַסער; אַנדערע ווידער שרייבען עס צו צו דער קנאַפּקייט פֿון ליכט. זיכער איז עס אָבער יעדענ־פֿאַלס, אַז אין דיא פֿינסטערע בערג־טהאָלען ווערן געבוירען מעהר אידיאָטען איידער אין דיא טהאָלען, וועלכע זיינען אָפֿען פֿון אַלע זייטען צום ווינד און לאָזען אַריינשיינען דיא זונענשטראַהלען, אָדער אין דיא פלאַכע לענדער, וועלכע זיינען בעוואַסערט פֿון גרויסע שטראָמען. אין דיא מאַ־לעריע געגענדען טרעפֿען מיר אויך מענשען פערנאַכלעסיגטע פֿון דער נאַטור.

אָבער טראָץ דיא אַלע קאָנטראַסטען, וועלכע דיא בערג־פֿעלקער ווייזען אונטער זיך, איז דאָך דאָ אין זיי איין אַלגע־מיינער כאַראַקטער־צוג; זיי צייכענען זיך אַלע אויס מיט זייער מוטה און אויסדויער. זייער ברוסט איז ברייט; זייערע

לונגען האָבען אין זיך מעהר צעללען איידער דיא לונגען פֿון דיא איינוואָהנער פֿון פֿלאַכע לענדער. עס איז פּשוט דערפֿאַר, ווייל זיי אטהמען איין ריינערע און לייכטערע לופֿט. דער חוש הראיה איז ביי זיי אויך פֿיעל ענטוויקעלטער, ווייל זייערע אויגען זיינען געוואָהנט צו קוקען פֿון דיא בערג אַרונטער אין דיא טיעפֿע טהאָלען און אויסצושפּירען פֿון גאַנץ וועיט דיא טהיערען, וואָס שפּרינגען פֿון פֿעלז אויף פֿעלז. זייער בליק איז דערפֿאַר שאַרף, דיא אויגען גלאַנציג; זייערע געזיכטס־ציגע זיינען האַרט. דער קאָפּף זיצט שטאָלץ, מאַיעסטעטיש אויף דיא געזונדע שולטערן. זייערע בעוועגונגען זיינען גלייכמעסיג און רוהיג; דער טראָט שטאַרק און זיכער, גאַנץ עגאַל ביין קלעטערן אויף אַ שאַרפֿען, שפּיציגען פֿעלז אָדער ביין שפּרינגען איבער דיא אייז־בערג. זייער גאַנצער לעבען איז אַ האָרעפּאַסנער; עס פֿאָדערט זיך גענוג מיטה און אויסדויער אין ערווערבען זיך מיטלען פֿיר זייער לעבענס־אונטערהאַלט.

דער באָדען איז אין פֿיעלע פּלעצער דאָרט אַזוי געקריפּט און צודרעהט, אַז מיט טהיערען קען מען זיך ניט בענוצען, דיא מענשען מוזען אַליין פֿיהרען און שלעפּען זייערע משאות; זיי מוזען מיט דיא אייגענע הענד פֿיהרען דעם וועגעל, מוזען אַליין שלעפּען דעם אַקער־אייזען. אָפֿט מוזען זיי אליין טראָגען ערד צו בעדעקען דעם נאַקעטען באָדען, וועלכער איז אַראָב־געטראָגען און אראָפּגעשווינקט געוואָרען פֿון ווילדע וואַסער־שטראָמען אָדער לאַווינען, וואָס זיינען צושמאָלצען געוואָרען אויף דיא בערג און האָבען זיך אַראָפּגעלאָזען אין טיעפֿען טהאָל. אין ווינטער בעגראָבט דאָרט דער שנעע די איינוואהנער אין זייערע וואָהנונגען און נור מיט לעבענסגעפֿאַהר קענען זיי צוקומען פֿון איין דאָרף צוא דער אַנדערער. דערפֿאַר איז עס קיין וואונדער ניט, אַז וויא עס קומט נור דער ווינטער, אַזוי הויבען זיי אָן צו פֿאַנטאַזירען פֿון אויסוואַנדרעווען און

פֿאַנאַנדערפֿאָהרען זיך צו דיא פֿלאַכע לענדער, פֿון וועלכע זיי טרוימען דאַן אַזוי וויא פֿון אַ גן־עדן אויף דער וועלט. פֿון יעדען טהייל פֿון דיא בערג־לענדער, פֿון דיא אַלפּען, פּירענעיען, אַפּעניגען, קאַווקאַז און אַנדערע, ציהען אויס יעדען יאָהר גאַנצע מחנות בערג־בעוואָהנער, אַזוי וויא דיא שוואַלבען ענדע זומער, אום צו איבערווינטערן אין דיא גע־געגנדען פֿון דיא פֿלאַכע לענדער; זיי פֿערדינגען זיך פֿיר פֿערשיעדענע ארבייטען, אָדער איינער האָט זיך אַ שטיקעל פאַך, מיט וועלכען ער בעשעפֿטיגט זיך. זיי זיינען זעהר שפּאַרזאַם אין דער צייט וואָס זיי זיינען אין דער פֿרעמד. דאָס איז אויס ליעבע צו דער פֿאַמיליע, וואָס זיי האָבען איבערגעלאָזען אין דערהיים. זיי לעבען קאַרג און שפּאָרען יעדער גראָשען אום אַלץ מער מזומנים אָנצוזאַמלען, אהיים צו ברייננגען. און דערפֿאַר זיינען זיי איך זייער ערפֿינדעריש אין זייערע בעשעפֿטיגונגען; זיי טראַכטען שוין וואָס ניט איז אויס, פֿון וואָס מען קען האָבען אַ ביסעל פּרנסה. איינע ברייננגען פֿרוכטען פֿון זייער געגענד, אַנדערע זאַמלען אָן שעהנע שטיינדלעך, וועלכע זיי טאָקען ארום און פֿערקייפֿען; אַנדערע מאַכען שניצערייען, נאָך אַנדערע וועבען אַזעלכע שטאָפֿען, וועלכע זיי ברייננגען צו פֿערקויפֿען.

דיא בערג־איינוואָהנער, כאָטש זיי וואַנדערן אין ווינטער צייט ארויס גאַנצע מחנות אום צו בעשעפֿטיגען זיך מיט אירגענד וואָס אַלס אַ פּרנסה אין דיא פֿלאַכ־לענדער, טראַכ־טען זיי אָבער אין דער זעלבער צייט פֿון זייער היימאַטה, און וויא עס קומט דער פֿריהלינג אַזוי קעהרען זיי זיך ווידער צוריק, וויא דיא שוואַלבען, צוריק אין זייערע בערג, און דער זעלבער מענש, וואָס איז געוועזען אַ הענדלער אום ווינטער, נעהמט זיך אין זומער צוריק פֿאַר זיין לאַנד־ארבייט, אַקערט דעם שטיינערדיגען באָדען, שלעפּט ערד און בעדעקט דיזען שלעכטען באָדען אום צו קענען אויף איהם זעען און פֿלאַנצען.

איהם ציהט צוריק דיא עראינערונג אן יעדער בערגעלע אָדער גרויסען באַרג פֿון זיין הייםאַטסרלאַנד. דיא בערג זיינען אַזוי שעהן און דיא לאַנדשאַפֿט אַזוי מאלעריש, אַז ער קען אין זומער ניט בלייבען אין דער פֿרעמד. ער עראינערט זיך אן דעם שמאָלען וועגעלע צווישען דיא פעלזען, אָן דעם שעהנעם שפיץ־באַרג, וועלכער ריהרט אָן דיא וואָלקענס, אָן דעם פֿריהען זונען אויפגאַנג, וואָס בעפינקעלט מיט דיא גאָלדערנע מאָרגען שטראַהלען דיא הויכע שפיצען, אָן דעם טיעפֿען טהאָל, אין וועלכען עס שטירצט אראָפּ אַ שנור וואַסער פֿון צוגאנגענעם שנעע, און דאָס לאָקט איהם, ציהט איהם צו זיך.

דער בעוואהנער פֿון פֿלאַכען לאַנד זעהט אימער אַרום זיך דיעזעלבע נאַטור אין איהר איינפֿאַכקייט, פֿון קינדהייט אָן זעהט ער ארום זיך, וואהין, נור ער גיט אַ וואָרף אן אויג, אימער דאָסזעלבע, אימער אַ'ן עהנליכע נאַטור; דער בעוואה־נער פֿון דיא סטעפעס, צ. ב. ש. קען ניט ביינקען נאָך זיין געבורטס־לאַנד, ווייל וויפיעל ער שניידט ניט דורך דיא אונ־בעגרענצטע ווייטע ברייטקייט פֿון זיין געגענד, טרעפֿט ער ערגעץ ניט קיין ענדערונג. ער געפֿינט אויף יעדען אָרט דאָס זעלבע וואָס ער האט פֿערלאָזען, אימער ווייטע סטעפעס, ברייטע פעלדער, דיעזעלבע פֿאָרמען, דעם זעלבען אויסזעהען, אַקוראַט וויא ער וואָלט געשטאַנען אויפֿ'ן זעלבען פלאַץ וואו ער האָט זיך אויסגעהאָדעוועט. און זעלבסטפֿערשטענדליך, אַז ער זעהט אין אַלע דיא געגענדען זיין הייםאַטה.— דער בערג בעוואהנער איז אָבער אַנדערש; אין זיין מוח האָט זיך איינ־געפרעגט פֿון קינדווייז אויף זיין טהאָל, וועלכער איז ניט גלייך צו אַנדערע, איז אַרום גערינגעלט מיט אַנדערע זאָרטען בערג, טראָגט אַנדערע צייכענס, האָט אַ'ן אַנדער געשטאַלט, עס קרייזעלט זיך אַנדערש דיא טייכעל צווישען דיא בערג. און דערפֿאַר, ווען ער פֿערלאָזט עס אַמאָל, בלייבט ביי איהם

אין זכרון יענער פּלאַץ, יענער פֿעלז, אַ הינטער וועלכען ער האָט האָלט געהאַט צו זיצען, יענער טהאָל, וואוהין ער פּֿלעגט אראָפּקוקען, יענער שפּיץ באַרג, וועלכער איז אַזוי שעהן גע־ווען פֿערגאָלדעט פֿון דיא זונען שטראַהלען, — ער געפֿינט עס ניט אַנדערש וואו און ער גאַרט עס ווידער צו זעהען; ער בענקט און ער מוז אַהין קומען צוריק, אויב נור ניט דיא אייזערנע נויטווענדיגקייט, וועלכע צווינגט איהם פֿיליכט אויסען צו זיין אין דער פֿרעמד.

אָט דיעזער צובונד, דיזע אנהענגליכקייט צו דעם היי־מאַטס־באָדען, מוז מען רעכענען אַלס דעם איינציגען גרונד, וואָרום דיא בעוואָהנער פֿון קאַווקאַז, פֿון דיא אַלפּען, פֿון די פּירענעיען, טראָץ זייער מוטה און טאפּפֿערקייט, מיט וועלכער זיי פֿערטהיידיגען זייער געבורטס־לאַנד ווען עס איז נויטהיג, האָבען דאָך קיין מאָל ניט געקענט מאַכען קיינע עראבערונ־גען פֿון פֿרעמדע לענדער, וואָס זאָל דויערן אַ לאַנגע צייט. ווען זיי געלינגט וואָס איינגעמען, פֿערלירען זיי עס מיט דער צייט צוריק. דאָס קומט דערפֿון, ווייל נאָך יעדען זיעג, נאָך יעדע עראבערונג פֿון פֿרעמדען לאַנד, קענען זיי אויף דעם נייעם לאַנד זיך ניט בעזעצען אויף לאַנג און קעהרען זיך מיט דער צייט צוריק צו זייער היימאַטס־לאַנד צווישען דיא בערג, יעדערער אין זיין געליעבטען געבורטס־ארט. און וועה־רענד זיי צוקריכען אַזוי אין זייערע בערג, זאַמלען זיך דערווייל אָן דיא בעזיעגטע, קלייבען אָן מאַכט, מאַכען אַן אויפֿשטאַנד און ערקלערען צוריק דאָס לאַנד פֿאַר זייערע.

דיא מייסטען עראבערנדע נאַציאָנען זיינען דערפֿאַר דיא יעניגע, וועלכע בעוואָהנען דיא פֿלאַכע לענדער, וועלכע ציהען זיך גלייך אויף ווייטע, אונגעהייערע ווייטע שטרעקען. דיא גרעסטע מלוכה וואָס איז יאַ אַמאָל געווען, איז געווען דיא מלוכה פֿון דיא מ אָ נ ג אָ ל ע ן, — זיא האָט פֿערנומען פֿון דער ו ו י י ס ע ל ביז צום געלבען ים און פֿון אייזמעער ביז

צום אינדישען אָקעאַן. אַזוי וויא היישעריקען פֿלעגען זיי זיך אַרויפֿלאָזען אויף אַ לאַנד סטאַדעס־ווייס און פֿלעגען מיט'ן שווערד מאַכען אַלעמען אונטע טעניג פֿאַר זיך. איצט איז רוסלאַנד דיא גרעסטע ע־אבערנדע מאַכט. עס געהט ניט אַריבער אַ יאָהר זיא זאָל עפּעס ניט אנאייגנען אַ שטיקעל לאַנד און צוצעפּען אַלץ מעהר פּלאַץ צו דער רוסישער קעניגרייך, וועלכע פֿערנעהמט מעהר וויא אַ זיבעטע טהייל פֿון דער גאַנצער יבשה.

אין אַלגעמיין קען מען זאָגען, אַז דעם גינסטיגען איינ־פֿלוס אויף זיינע בעוואָהנער מאַכט יענעם לאַנד, וועלכעס איז קליין בערגיג און ליגט אין דעם געמעסיגטען קרייז; וואו דיא לאַנדשאַפֿט איז שעהן, אָבער ניט ווילד, און דער פֿערר קעהר צווישען דיא בעוואָהנער איז פֿון דער נאַטור אַ לייכטער, וואו דיא בערג זיינען מעסיג, וואו פֿערשיעדענע ערליי טייכען פֿליסען צווישען דיא טהאָלען, וועלכע זיינען ניט זעהר ניעדר־ריג, און טרינקען אָן דעם באָדען. דער גרעסטער טהייל פֿון דייטשלאַנד, פֿראַנקרייך, ענגלאַנד און דיא פֿעראייניגטע שטאַאַטען ליגען אונטער אַזעלכע פֿערהעלטניסע און דעריין ליגט אייגענטליך דיא הויפּט־אורזאַכע פֿון דעם ראַשען פֿאָרטשריט, מיט וועלכען עס צייכענען זיך אויס דיא בע־וואָהנער פֿון דיעזע לענדער.

ווייטער איז צו בעמערקען, אַז אפילו אין דיא לענדער, וואו דיא בעפֿעלקערונג ווערט איינגער און בענייט זיך שטענ־דיג דורך דער קרייצונג פֿון פֿאַמיליען, דורך געמישטע פֿאַאָרונגען, וואו מענשען און זאַכען האַלטען אין בעשטענדיג־גען מישען זיך וואו דיא געדאַנקען געהן איבער שנעל פֿון איינעם צום אַנדערן, קען מען פֿון דעסטוועגען גאַנץ לייכט בעאויבאכטען דיא קאָנטראַסטען, וועלכע דיא בעוואָהנער פֿון דיא איינצעלנע געגענדען ווייזען אויף דורך דיא פֿערשירענ־הייט פֿון באָדען און פֿון'ם קלימאַט. דיא בעפֿעלקערונג אליין

נאַרט זיך אין דעם קיין מאָל ניט און וויס אַלע מאָל דיא נאַטירליכע גרענצען, וועלכע אונטערשיידען דיא נאַטירליכע אייגענשאַפּטען פֿון איין געגענד צום אַנדערן. און אפילו דיא געשיכטע אַליין האָט אַזעלכע גרעניצען קיין מאָל ניט געקענט אָפּמעקען אין גאַנצען. זאָגאַר דאַן, ווען זיא האט צוזאַמענגעבונדען געמיינזאַם דעם שיקזאַל פֿון דיא בעוואָהנער פֿון אַזעלכע געגענדען, וועלכע זיינען נאַטירליך געגענגעזעצט; זיא האָט ניט געקענט רויבען יענעם בעוואוסט־זיין פֿון זייער אייגענטהימליכקייט, וועלכע דיא נאַטור פֿון זייער היימאַטה האָט אין זיי איין מאָל פֿיר אַלע מאָל איינגעפּרעגט. יעדער באָדען האָט זיך זיין אייגענטהימליכע בעפֿעלקערונג, דער גראַניט־באָדען האָט אַנאַנדער זאָרט בעפֿעלקערונג דער קאַלך־באדען אן אַנדערע, דער וואולקאַנישער באָדען ווידער אַן אַנדערע, און אזוי אויך דיא פֿרוכטבאַרע טהאָלען, די זומפּיגע געגענדען, דיא זאַמדיגע פלעצער, א. ז. וו. — יעדערע פֿון דיא געגענדען האָט ארויסגעבראַכט אַן אַנדער אַרט בעפֿעלקערונג. דיא אַלגעמיינע געאָגראַפֿישע פֿערהעלטניסע פֿון אַ געוויסען אָרט זיינען איינגעפֿאַסט אין דעם נאָמען, מיט וועלכען אַ בעפֿעלקערונג האָט בעצייכענט דיא לאַנדשאַפֿטען פֿון אַלטע יאָהרען אָן און ניט נאָך דער פּאָליטישער איינטהיילונג פֿון דיא לענדער. און עבען אַזוי בעצייכענט דער נאָמען אויך דיא בעפֿעלקערונג, זייערע פֿיזישע אייגענשאַפֿטען, זייערע זיטען, זייערע מנהגים, זייער אינדוסטריע און די אַרט פֿון זייער ציוויליזאַציאָן. אין דיעזע נעמען דריקט זיך אויך אויס דיא האַרמאָניע צווישען לאַנד און פֿאָלק. אַזוי אַז ווען מען בעצייכענט איינע מיט דעם נאָמען שוואבען אָדער רהיין־לענדער, שאטלענדער אָדער איר־לענדער, זאָ שטעלט מען זיך פֿאָר אונטער דעם נאָמען דיא בעזונדערע אייגענטהימליכקייטען אי פֿון דעם געוויסען לאַנד אי פֿון זיינע איינוואָהנער.

דיזע פֿערשיעדענ־אַרטיקייטען אין דיא איינצעלנע נאַ־טירליכע פּראָווינצען זיינען אָבער ניט צום שאַדען פֿון דער מענשהייט; פֿערקעהרט, זיי זיינען דיא וויכטיגסטע עלעמענ־טען אין דער קראַפֿט און אין דעם גליק פֿון אַ נאַציאָן; נאַטירליך, דאָס איז אַלץ גערעדט אויב דיזע געגענזעצע זיינען ניט צו פֿיעל, ניט געטריבען ביז צו שנאה און אויף וויפֿיעל זיי העלפֿען מיט צו דער איינהייט פֿון דער בעפֿעל־קערונג. דיא גראַניט געגענדען, דיא זאַמד־געגענדען דיא קאַלך־געגענדען, דיא זאַמד־שטייניגע לאַנד, דיא בערג, דיא טהאָלען, האָבען זייער איינפֿלוס אויף דיא בעוואהנער. זיי בעגעגענען זיך און וועקסלען זיך געגענזייטיג, ווירקענדיג איינער אויף דעם אַנדערן אין דיזען איינפֿלוס, און בעזיי־טיגען דיא איינפֿערמיגקייט אין דעם גייסט און אין דיא זיטען פֿון דיא מענשען.

מען דאַרף ביי אַלעם דעם געדיינקען, אַז דיא ערד־בעארבייטונג איז דיא מוטער פֿון אַלע ציוויליזאַציאָנען. דער ערד־אַרבייטער איז צוגעבונדען צום באָדען, וועלכער גיט נאַהרונג איהם און זיינע קינדער; ער האָט פֿיינד מלחמה, ווייל מלחמה פֿערוויסטעט זיינע פֿעלדער, אַזוי וויא דער האָגעל און דיא פֿערפֿלייצונג. ער איז געדולדיג און אויס־דויערנד אַזוי ווי דער באָדען, וועלכען ער בעאַרבייט. פֿון דור צו דור, פֿון פֿאָטער צו זוהן און פֿון יאהר־הונדערט צו יאהרהונדערט, שטעהט ער מיט פּאַסיווען ווידערשטאַנד געגען דער געוואַלט און דיא ליידענשאַפֿטען, און דאָס מוז ענדליך שוואַך מאַכען דעם ענערגישעסטען ווילען פֿון דעם פֿיינד, פֿון דעם עראבערער, און ער זיענט ענדליך. ער קעמפּפֿט געגען דיא עלעמענטען אַליין; מעג זיך דער האָגעל צושלאָגען זיין תבואה, מעג דיא פֿערפֿלייצונג פֿערגיסען זיינע פֿעלדער, ער שפּארט, הונגערנדיג, אָפּ געניג קערנער, וועלכע ער פֿערטרווט ווידער דער מוטער ערד אום אַרויסצונעהמען פֿון

איהר כפלי כפלים. אָט דיזע שטאַרקע אייגענשאַפֿטען זיינען נאטהווענדיג אום צו שאַפֿען אַ פֿאָלק, אום אַ פֿאָלק זאָל קענען עקזיסטירען. דאָס זיינען דיא גוטע זייטען פֿון׳ם קאָנ־סערוואַטיזמוס, פֿון דער פאַסיוויטעט. ווען אָבער אויף דעם אַקער־בויער פֿון׳ם פֿלאַכען לאַנד זאָל ניט האָבען קיין איינ־פֿלוס דער בעווענליכער גייסט פֿון דיא בעוואָהנער פֿון דיא בערג־לענדער, פֿון דיא טערראַסען און פֿון דיא בעוואהנער פֿון דיא ים־ברעגען, וואָלט דורך איהם אליין אונמעגליך געווען אירגענד ועלכער פֿאָרטשריט. ער איז אַזוי רעגעלמעַ־סיג אין זיינע געוואהנהייטען וויא דער לויף פֿון יאַהרעס־צייטען, ער איז צוגעוואַקסען צו זיינע געוואָהנהייטען אַזוי וויא דיא וואָרצלען, וועלכע ער פֿלאַנצט, ווערן צוגעוואַקסען צום באָדען, און זיין גאַנצער אידעאַל וואָלט געווען רוהע, זיין גאַנצע בעדירפֿנים וואָלט נעווען דורבקומענעס, זיין גאַנצע האָפֿנונג וואָלט געווען צו ערהאַלטען דאָס בעשטעהענדע. דורך דעם איינפֿלוס אָבער פֿון דיא בעוואָהנער פֿון אַנדערע ערד־פֿאָרמען ערוועקען זיך אין איהם פֿיעלפֿאַכערע פֿאָדע־רונגען נייע שטרעבונגען, ווייטערע אידעאַלען, און דיא וועק־סעל־ווירקונג פֿון דיזע אַלע איז נויטווענדיג פֿיר דער ענטוויקלונג פֿון דער מענשהייט. פֿאַר איהר טרעטען פֿאָר־ווערטס און פֿאָרווערטס.



# IV.

איינפֿלוס פֿון ימים און טייכען.— וואַנדער- און האַנדעלס פֿעלקער
— אינזעל-בעוואהנער. — פֿערשמעלצונג פֿון קלימאַטישע
הסבים. — דיא ענדערונג פֿון דער נאַטורס איינפֿלוס
נאָך דעם צושטאַנד פֿון ציוויליזאציאָן.



דער ברוויזענדער ים האָט אין זיך אַ מין שטאַרקע אנציהונגס-קראַפֿט, און דיעזע אנציהונגס־קראַפֿט מוז אודאי זיין אויך איינע פֿון דיא אורזאַכען, ווארום מענשען האָבען זיך האלט געהאַט צוא בעזעצען אַרום ים. בעזאָנדערנס נאָך האָט געמוזט דיזע צויבער־קראַפֿט פֿון ים ווירקען אויף דעם אונבעוואוסטען ווילדען, און מיר געפֿינען, אַז אויף דיא אינזלען וועלכע זיינען נאָך בעוואָהנט פֿון ווילדע שטאַמען, זיינען דיא ברעגען אין גאַנצען בעזעצט מיט איינוואָהנער. דאָ, אויפֿן ברעג ים, געפֿינען דיא איינוואָהנער אויך זייער נאַהרונג, דאָ איז אויך לייכט דער פֿערקעהר צווישען דיא בעוואָהנער פֿון פֿערשידענע געגענדען. דיא ים־פֿישען זיינען אַ גוטער מקור פֿון חיונה און דער ברעג איז אָ גוטער וועג וויא צו־צוקומען איינע צו דיא אַנדערע. מען קען דאָ לייכטער האַנדלען איינע מיט דיא אַנדערע. און דערפֿאַר האָט זיך דער ערשטער מסחור אָנגעפֿאַנגען זיכער אויף אַזעלכע פלעצער און האָט זיך ווייטער אַזוי ענטוויקעלט ביז דער איצטיגער קאָמערציע, וועלכע גרייכט פֿון איין עק וועלט ביז דעם אַנדערן, פֿער-בינדעט דיא מענשען, מישט זיי אויס צווישען איינאַנדער דורך אַ גאַנצער נעץ פֿון לעבענס אָדערן, דורך וועלכע עס פֿליסט דורך נייעס בלוט, נייע ענערגיע, נייע בעוועגונג, נייעס לעבען.

אויב דיא לייכטקייט פֿון פֿערקעהר צווישען איינאַנדער האָט דיא רויע פֿעלקער איינגעהאַלטען אויף דיא ים ברעגען, רעסטאָ מעהר איינפֿלוס, נאַטירליך, האָט דיזע אורזאַכע גע־דאַרפֿט האָבען אויף דיא ציוויליזירטע פֿעלקער, וואו עס איז דאָ דיא בעשטענדיגע נויטווענדיגקייט אין אויסטוישונג פֿון וואארען און אלץ אַ גרעסערע נייגעריגקייט, מעהר און מעהר צו רייזען און צו ערפֿאַהרען. ניט נור אויף אינזלען, זאָנדערן אויך אויף דעם פֿעסטען לאַנד זיינען דיא מענשען בעזעצט אַלץ נעהנטער צו דיא ברעגען פֿון דיא ימים, און ווען זיי וואָהנען אין דער מיטען פֿון פֿעסט־לאַנד, דאַן בעזעצען זיי זיי זיך אַלץ מעהר ביי דיא ברעגען פֿון דיא גרויסע טייכען, וועלכע זאָלען מאַכען לייכט דעם פֿערקעהר צווישען דיא פֿערשידענע טהיילען דער בעפֿעלקערונג. דיא ברעגען פֿון יעדער גרויסען טייך זיינען אויסגעפוצט און אַרומגעזיימט מיט הייזער, גערטנער, פֿעלדער, דערפֿער און שטעדט פֿון ביידע זייטען. אַזוי איז עס וויניגסטען אין אייראָפּאַ, אין די געגענדען פֿון געמעסיגטען קלימאַט. דיא סיינע, דיא טהעמזע, דער רהיין, דיא וואָלגא, און אַנדערע גרויסע פֿלוסען ווערן מיט רעכט בעצייכענט אַלס לאַנגע וואסער גאסען, וועלכע זיינען פֿערבויט און בעפֿעלקערט פֿון ביידע זייטען. און עס איז ניט אַזוי בלויז איבער דעם געפֿינען נאַהרונג און דעם לייכטען פֿערקעהר, וויא אויך איבער דיא שענהייט און פּראַכט, מיט וועלכע דיא נאַטור איז רייך אין דיזע פלעצער. דער וואונדערפֿאלער אנבליק פֿון גרינע בערג, פֿון ווייסען זאַמד־זיים, פֿון בלויען וואַסער־שפּיגעל — דאָס אַלעס ציהט אָן דיא מענשען, און זיי בויען ביי דיא ברעגען פֿון ים זייערע לוסט־הייזער, וויללעס, האָ־טעלען און גאַנצע דערפֿער און שטעדט בילדען זיך אַזוי אויס, ניט איבער קיין אַנדער זאַך וויא בלויז איבער דעם פֿערגעניגען, וואָס דיא מענשען געפֿינען דאָרט.

בײ מענשען, װאָס װאָהנען בײם ברעג ים און הערען שטענדיג דעם רױשען פֿון דיא כװאַליעס, ערװעקט זיך נאָ־טירליכער װײזע דיא לוסט צו רײזען. פֿאַר זײערע אױגען ברײטעט זיך אױס דער װײטער האָריזאָנט אהן גרענעצען און בײ זײ װערט דאָס האַרץ אַלײן עפּעס ברײטער. יעדער כװאַליע, װאָס קײקעלט זיך צו פֿון דער װײט, איז עפּעס װיא אַ געשיקטער שליח מיט אַן אײנלאַדונג פֿון דאָרט, פֿון דאָס שעהנע אונבעװאוסטע; יעדער פּלעסק פֿון דעם װאַסער־װאַל קלינגט אַזױ װיא אַ רוף אהינצו, װאו קױם, קױם דיא אױג קען מעסטען דיא װײטקײט — און עס װילט זיך פֿאָהר־רען אַהין, אַהין אין יענעם אונבעװאוסטען געגענד, װעלכער ליגט איבער דאָס װאַסער װײט, איבער דיא ימים ברײט. אויף דיא ברעגען אָבער, װעלכע זײנען אין גאַנצען האַפֿען־לאָז, װעלכע זײנען בעזױמט מיט זאַמדיגע בערג, מיט אָב־געריסענע פֿעלזען, אַרום װעלכע עס זידט, קאָכט, רױשט און גרױלט אימער דער שטורם פֿון דיא כװאַליעס, דאָרטען, װיא שטאַרק עס זאָל זיך ניט זײן בײ דיא אײנװאָהנער דיא לוסט צו רײזען, אַװעקצולאָזען זיך אין מרחקים, פֿעהלט זײ פֿון דעסטװעגען דער מוטה, דיא ענטשלאָסענהײט אונטערצו־װאַרפֿען זיך דער געפֿאַהר, פֿערשלונגען צו װערן פֿון דיא שטענדיג װיטהענדע כװאַליעס. אַזעלכע פֿעלקער האָבע זיך געמוזט לערנען שיפֿ־פֿאַה־ט פֿון אַנדערע, װעלכע זײנען, דורך דער לאַגע פֿון זײערע ברעגען און דורך דעם שטילען כאַראַקטער פֿון זײער ים, אַװעקגעשטעלט אין גינסטיגערע פֿערהעלטניסע און קענען לײכטער אױסאיבען דיא קונסט צו פֿאָהרען אױפֿ׳ן װאַסער. װען דיא שפּאַנישע ענטדעקער זײנען צום ערשטען מאָל צוגעשטאַנען צו דיא ברעגען פֿון צענטראַל־אַמעריקאַ זײנען זײ געװען ערשטױנט, װען זײ האָבען דער־זעהען דיא אונגעהײער גרױסע האַנדעלס־שיפֿען, װעלכע זײנען שױן דאָ געװען. יעדע אַזאַ האָט געקענט אײפֿהאַלטען בײ אַ 50 פּערזאָן.

בײ דיא פֿעלקער, װעלכע געפֿינען זיך נאָך אויף דער שטופֿע פֿון קינדהײט, קען געמאָלט זײן נאָך אַ װיכטיגער

פֿאקטאר פֿיר דיא ענטוויקלונג פֿון האַנדעל און שיפֿפֿאהרט. און דאָס איז נעמליך דיא נאָהענטקייט פֿון אַ אינזעל אָדער פֿון אַ גאַנצער גרופּע אינזלען, וועלכע האָבען פֿון ווייטען געשיינט וויא אַן אָפּגעריסענער שטיק וואָלקען, וועלכער שימערט אין'ם בלויען וואַסער־שפּיגעל, און פֿון דאָרטען ווינקט ער און מאַניעט צו זיך, אַזוי וויא אַ צויבערליכע געהיימניס. דיא יונגע פֿויגעלע, גלייך וויא זיא וואַגט אַרויסצושפּרינגען פֿון'ם נעסט, וואו זיא איז געבאָרען געוואָרען, שפּרינגט אם אַלעם ערשטען צו דעם נאָהענסטען צווייגעלע, און דערנאָך וואַגט עס צו שפּרינגען ווייטער, פֿון צווייג אויף צווייג, פֿון בוים אויף בוים, ביז עס איבט זיך איין צו פֿליהען ווייטע שטרעקעס. דיא זעעפֿאהרען פֿון קליין אַזיען זיינען צוגעצויגען געוואָרען קיין גריכענלאַנד דורך דיא אינזלען פֿון'ם עגעאישען מעער. פֿאַר דיא פֿהעניציער איז דיא אינזעל ציפּערן געוועזען דיא ערשטע סטאַציאָן, דער ערשטער רוהע־פּונקט, איידער זיי האָבען געוואַגט אַוועקצולאָזען זיך איבערן גרויסען ים. דיאַ איבערפֿלעכע פֿון דער ערד האָט טהיילווייז צו פֿערדאַנקען דיא אינזלען, דיזע "פּערלען פֿון ים". פֿאַר איהרע שעהנע צייכענס; דיא אינזלען האָבען דיא פֿעלקער אויך צו דאַנקען פֿאַר זייער ציוויליזאַציאָן. מען קען זיך קיין פֿאָרשטעלונג ניט מאַכען, וואָס פֿאַר אַ ווענדונג עס וואָלט געוועזען דיא געשיכטע פֿון אייראָפּאַ, ווען עס וואָלט איהר געפֿעהלט דיא גריכישע אינזלען, סיציליען און גרויס־בריטאַניען. ווען דיא אַרישע פֿעלקער וואָלטען ניט געהאַט דיזע פלעצער, וואו זיי האָבען געקענט ברייננגען אין זיכערהייט זייערע ערוואָרבענע גייסטיגע און מאָראַלישע אוצרות, וואָלטען זיי ניט געקענט מאַכען אַזאַ פֿאָרטשריט און עס וואָלט אונמעגליך געוועזען דיא גאַנצע מאָדערנע ציוויליזאַציאָן. דיא פֿעלקער וואָלטען בלייבען פֿרעמד איינע פֿון דיא אַנדערע און פֿערזונקען אין דיא אַלטע באַרבעריי. דיא ערד וויא קליין זיא איז ניט, וואָלט ניט געוועזען אין גאַנצען בעקאַנט, דיא פֿערשיעדענע געגענדען וואָלטען ניט געוועזען דורכגעריזט דורכגעפֿאָרשט. און דיא מענשהייט וואָלט ניט געקומען צום

ערוואכען פון איהר זעלבסט-בעוואוסטזיין.

עס גיבען פעלקער צווישען דיא, וועלכע בעוואהנען דיא ים-ברעגען, וועמעס לעבען עס איז א בעשטענדיגע וואנדערונג, דער אקעאן איז פאר זיי געווארען זייער צווייטער היימאט. אזוי פלעגען דיא מארמאנען וואנדערן פון איין ברעג ים צום אנדערן ברעג. זיי האבען זיך אליין א נאמען געגעבען "קעניגע פון ים" און פלעגען ברייגנען שרעק און אונטערטעניגקייט אין יעדען פלאץ, וואו זיי זיינען געקומען; פלעגען ערא־בערן גאנצע קעניגרייכען און פלעגען זיך דערנאך אריינזעצען אין זייערע שיפען און וויטער וואנדערן. עהנליך צו זיי זיינען דיא זעע-רויבער, דיא פיראטען און וואס זיינען דען דיא בריטאניער? פערברייגנען זיי דען ניט דאס גרעסטע העלפט פון זייער לעבען אויפ'ן ים, וואו זיי זעהען נור הימעל און וואסער? אזעלכע פעלקער, וועלכע בעוואהנען דיא ים-ברעגען, זיינען פון א בעזאנדערנס פעסטער נאטור, זיינען פורכטלאז, קוקען זא צו זאגען, דעם טויט אין צורה אריין אהן שום פחד, זיינען געוואהנט צו זיין אונטערווארפען דיא גרעסטע סכנות, און זעלבסט פערשטענדליך, האבען זיי פאר מענשען אוודאי קיין מורא ניט. זיי זיינען קאלטבלוטיג, אויס-דויערנד, ווייל דער קאמפף מיט דיא עלעמענטען פערהארטעוועט זיי. זייערע געדאנקען זיינען אימער ניכטער, זיי ווערן זעלטען נתפעל אדער בערוישט פון עטוואס. זיי זיינען אבער דערפאר אייך איינפאך, איינפערמיג, אזוי וויא דער ים, אויף וועלכען זיי פערברענגען זייערע יאהרען, זיי זיינען קינדער פון דיא כוואליעס, וועלכע האבען זיי געוויגט און ערצויגען פון זייער קינדהייט אן.

* *
*

אין דיא פאריגע ארטיקלען האט דער לעזער געקענט געפינען אין אן אלגעמיינעם איבערבליק דעם איינפלוס פון פערשיעדענע קלימאטען אויף דיא פעלקער; ער האט אויך פון זיי געקענט לערנען דיא נאטירליכע הפכים, וועלכע ווערן ארויסגערופען דורך דער פערשיעדענהייט פון דיא קלימאטישע קרייזען, דורך דעם פארם פון דעם באדען, דורך

דיא ריכטונג פֿון הימעל, דורך דעם גראַד פֿון ליכטיגקייט און דורך דיא נאַטור פֿון'ם לאַנד. מען דאַרף אָבער פֿערר שטעהן דאָס דיזע עטנאָגראַפֿישע געגענזעצע זיינען זעלטען אַזוי קלאָהר און שאַרף, אַז מען זאָל קענען דורכפֿיהרען מיט אַ שטרענגע ליניע דיא גרעניצען צווישען דער נאַטור פֿון די מענשען. דער איינפֿלוס פֿון ווינדען און שטרעמונגען, די פֿערר שיעדענע פֿאָרמען פֿון דיא ברעגען פֿון דער יבשה, דיא ריכטונג פֿון דיא בערג און דיא אונגעהייערע צאָהל פֿון אַנדערע פֿיזישע פֿערהעלטניסע ווירקען בעשטענדיג, אַז דיא קלימאַטען זאָלען זיך ענדערן, דיא פֿערשיעדענע פֿיזישע קרעפֿטען האָבען אַ ווירקונג איינע אויף דיא אַנדערע; זיי געפֿינען זיך, וויא מיר האָבען שוין איינינע מאָל ווידערהאָלט, אין אַ בעשטענדיגער וועקסעל־ווירקונג, אַזוי וויא זיי וואָלטען וועלען אויפֿהאַלטען אַ גלייכגעוויכט צווישען אַנאַנדער, און דורך דעם ווערען דיא געגענגעזעצע, דיא הפכים, אָפּגעשוואַכט און זיינען ניט שטאַרק קענטיג. נעמען מיר דיא קאַלטע געגענדען פֿון נאָרד, וועלען מיר זעהען, אַז כמעט זיי אַלע ליגען נידריג און געניסען דערפֿאַר אין דיא וואַרעמע יאהרעס־צייטען דעם פֿולען איינפֿלוס פֿון דיא זונען שטראַהלען. אַלזאָ דיא בעוואָהנער פֿון דיא נאָרדישע געגענדען קען מען פֿון איין זייט צורעכענען צו דיא בערג־בעוואָהנער, ווען מען זאָל נעהמען אין אנבעטראַכט דיא רויהייט פֿון זייער אומגעבענדער נאַטור. פֿון דער אַנדער זייט אָבער, ווען מען זאָל נעהמען אין בעטראַכט דיא נידעריגקייט פֿון זייערע געגענדען, טראָגען זיי שוין דעם כאַראַקטער פֿון דיא פֿעלקער פֿון פֿלאַכע לענדער. אָדער נעהמען מיר דעם זידליכען בערגר בעוואָהנער פֿון דעם געמעסיגטען אָדער זאָגאַר פֿון'ם הייסען קרייז. מען קען איהם רעכענען גלייך צו דעם מענשען פֿון נאָרד, דערפֿאַר ווייל ער לעבט אויך אין מיטען פֿון עוויגען שנעע; מען קען איהם אָבער אויך רעכענען פֿאַר אַ מענשען פֿון זידען, דערפֿאַר ווייל דיא זונן שיקט אויף איהם אויך אין אַ גלייכען שנור אַראָפּ איהרע שטראַהלען און ווייל ער זעהט ביי זיך צופֿוסען פרעכטיגע, געראָטענע פֿעלדער

מיט פֿולע אָנגעגאָסענע זאַנגען. עבען אַזוי קען מען דעם בער־וואָהנער פֿון הויכען באַרג, וואָס שטייגט אַרויס אין מיטען פֿון ים, מעהר רעכענען פֿאַר א קינד פֿון אָקעאַן, וויא דיא, וועגען וועלכע מיר האָבען דאָ אויבען גערעדט, איידער צו פֿערגלייכען איהם צו אַ בעוואָהנער פֿון דיא בערג, וועלכע געפֿינען זיך אין מיטען פֿון פֿעסט־לאַנד. זיין כאַראקטער וועט זיכער זיין אין געגענזאַץ צו דעם כאַראַקטער פֿון דיא בערג־בעוואָהנער פֿון פֿעסטען לאַנד. דיא פֿיעלע פֿערשידענע־הייטען פֿון וואַסער, לופֿט, באָדען און ליכט ווירקען אונ־אויפֿהערליך אויף דער פֿערענדערונג פֿון קלימאט. יעדע פּראָווינץ, יעדער שטאָדט, יעדעס דאָרף האָט, קען מען זאָגען, אַן אייגענטליכען קלימאַט. און דאָס איז אויך ניט עטוואָס בעשטענדיגעס, עס ענדערט זיך יעדע ווייַלע, יעדען אייגענבליק. —

דאָס האָבען מיר אַלץ גערעדט וועגען דיא וועקסלונג פֿון נאַטירליכע פֿערהעלטניסע, וועלכע אומגעבען די מענשען. אָבער אויך דיא פֿעלקער אַליין בלייבען ניט אימער אויף דעם זעלבען באָדען, אויף וועלכען זיי זיינען געבאָרען געוואָרען. צווישען דיא בענאכבארטע פֿעלקער געפֿינט זיך מעהר אָדער ווייניגער אַן אויסטויש פֿון אייגצעלנע פּערזאָנען און פֿאַמיליען. גאַנצע נאַציאָנען ווערען אַמאָל פֿערשמאָלצען, גאַנצע בעפֿעל־קערונגען וואַנדערן אַמאָל אַרויס אין געגענדען גאַנץ פֿער־ענדערטע פֿון זייער היימאַטס לאַנד און געפֿינען דאָרט פֿאַר זיך אַ גאַנץ נייעס פֿאָטערלאַנד. דיא נייע קלימאַטישע פֿער־העלטניסע ווירקען אויף צו פֿערענדערן זייער אורשפּרינגליכען כאַראַקטער. דיא מענשען וואָס זיינען דערווייטערט פֿון זייער היימאַטליכען באָדען פּאַסען זיך אָן צו דיא נייע פֿערהעלט־ניסע און פֿון זיי בילדעט זיך אויס אַ גאַנץ נייער טיפּ. אָט דיעזער קאַמפּף צווישען פֿערגאַנגענהייט און געגענוואַרט, צווישען מענשען און קלימאַט, דאָס האָט געמאַכט דיא וואַהרע געשיכטע, דאָס שאַפֿט דיא ענטוויקלונג פֿון דער מענשהייט, און ניט דיא שלאַכטען און טהאַטען פֿון דיא קעניגע און הערשער.

און אפילו דאַן ווען דיא פֿעלקער בייטען ניט זייער פֿאָטערלאַנד און פֿערמישען זיך ניט מיט אַנדערע פֿעלקער, פֿערענדערן זיך דאָך אָבער זייערע בעדירפֿניסע און זייערע זיטען מיט דער פֿערענדערונג פֿון דיא צושטענדען, און דעריבער מוז זיך אויך ענדערן אין לויף פֿון יאַהרהונדערטע דער איינפֿלוס פֿון זייער אומגעבענדער נאַטור. אַזוי ווערן צ. ב. ש., דיא גרויסע וועלדער אינבעקוועם פֿאַר דעם מענשען, ווען ער ווערט אַקערבויער, אנשטאָט דעם וואָס ער האָט זיך פֿריער בעשעפֿטיגט מיט יאגד. זיי ווערן אונבעקוועם, ווען נאָך דער צאָהל פֿון דער בעפֿעלקערונג דאַרף מען האַבען מעהר פֿעלדער צו זעען. דער וואלד ווערט דאַן אויסגעהאַקט, דיא הונדערט־יעהריגע בוימער פֿאַלען אונטער דער האַנד פֿון דעם מענשען און אנשטאַט געדיכטען, פֿינסטערן וואלד, ברייטעט זיך אויס א ווייטע גרויסע פֿעלד בעוואַקסען מיט תבואות. צו פֿערדאנקען דעם ענדערט זיך דער קלימאט פֿון אַזא פלאַץ און דאס ווירקט צוריק אויף דער בעפֿעלקערונג, וועלכע לעבט דאַן גראמער און פֿיהלט זיך בעקוועמער. עבען אַזוי ווירקט דער אויסטריקענען פֿון זומפּען, דיא בעוועסערונג פֿון וויסטע פלעצער און אַנדערע אויסבעסערונגען פֿון באַדען; דאָס מאַכט אַן ענדערונג אין'ם קלימאַט פֿון אַזאַ פלאַץ און ווירקט צוריק אויף דער בעפֿעלקערונג. דיא גרויסע וואסער־שטראָמען און דער גאַנצער נעץ פֿון טייכען, פֿערבונדענע איינע מיט דיא אַנדערע, זיינען פֿון דיא ווילדע כמעט גאָרניט געוועזן בענוצט. דורך דעם האַנדעלס־פֿערקעהר אָבער ווערען אַזעלכע טייכען פֿאַר דיא ציוויליזירטע פֿעלקער איינע פֿון דיא הויפט פֿאַקטאָרען פֿון'ם פֿאָרטשריט, ביז עס ענטוויקלען זיך שוין אנדערע, קינסטליך דורכגעפֿיהרטע וועגען און פֿערקלענערען שיין ווידער צוריק דיא בעדייטונג פֿון דיא טייכען. דיא אייזענבאהנען ווירקען אויך אויף דער איבערוואַנדערונג פֿון מענשען פֿון איין פלאַץ אויף דעם אַנדערן. דיא מעטאַל־אָדערן, קאהלען־שיכטען, מאַרמאר, גיפס, זאַלץ און אַנדערע אוצרות, וואָס דיא ערד האָט אין זיך, קענען זיין העכסט ווירקענדע עלעמענטען אין דער ענטוויקלונג פֿון דער

געשיכטע. עס ווענדעט זיך נאָך דעם צושטאַנד פֿון דער ציוויליזאַציאָן און נאָך דעם נאָך, אויף וויפֿיעל עס ווערט אַ געוויסער מעטאַל אין אַ געוויסער צייט געברויכט און געשעצט, אַז דאָס אַלעס זאָל אמאָל זיין זעהר ווירקענד אָדער וועניג ווירקענד אין דער ענטוויקלונג. קאַליפֿאָרניען איז פֿערהעלט־ניסמעסיג אין אַ גאַנץ קורצער צייט געוואָרען איבער איהרע גאָלד־מינען דער בעדייטענדסטער מיטעלפונקט פֿון מענשליכע טהעטיגקייט.

דיא פֿאָרם פֿון באָדען און אלגעמיין דיא געשטאַלטען פֿון לענדער בייטען זיך אייך נאָך דיא פֿערשיעדענע צייטען אין'ם לעבען פֿון דיא פֿעלקער. אין אַ געוויסער צייט קען זיין פאסיגער און פֿארטהיילהאַפֿטער אַזאַ פֿאָרם פֿון באָדען אדער אַזאַ געשטאַלט פֿון לאַנד: אין אַן אַנדער צייט אַן אַנדערע. נעמען מיר, צ. ב. ש. דיא באַרבאַרישע פֿעלקער, וועלכע האבען אמאָל געלעבט אין דיא איצטיגע זיד־דייטשלאַנד, שווייץ און פֿראַנקרייך; זיי פֿלעגען זיך אויסהאַקען וואהנונגען אין דיא הייכען פֿון פֿעלזען, אדער פֿלעגען זיך אויפֿשטעלען הייזלעך אין מיטען פֿון טייכען אָדער זעען אויפֿ'ן שפּיץ פֿון הילצערנע זיילען; דערנאָך ווען עס האָט אויפֿגעהערט דיא שטענדיגע מלחמה צווישען בענאַכבאַרטע, קליינע שטאַמען, און דיא געזעלשאַפֿטליכע צושטענדען זיינען געוואָרען רוהיגערע און בעסערע, זיינען זיי שוין אַרויסגעקראָכען פֿון זייערע פֿינסטערע לעבער אין דיא פֿעלזען, האָבען אראָפּגעלאָזען זיך פֿון זייערע הויכע שטיבעלעך אויפֿ'ן וואסער און האָבען זיך בעזעצט אויפֿ'ן פֿעסטען באָדען, אונטער דיא שאטענהאַפֿטע בוימען, צווישען דיא תבואה־פֿעלדער. ווייל זיי האָבען מעהר ניט געקענט לעבען אין מיטען פֿון וואַסער און זיין געשיידט פֿון פֿעלד, פֿון וועלכען זיי האָבען געהאַט זייער חיונה; ווייל אויב פֿריער האָבען זיי זיך געמוזט פֿון שוץ וועגען בעהאַלטען אין יענער הויכער הייזעלע אין מיטען זעע, איז שוין דערנאָך אזא פּלאַץ מעהר ניט געווען אַ מקום מקלט, דאָס וואַסער איז פֿאַר זיי געווען מעהר סכנה איידער דיא יבשה. אין דיא טרויעריגע פֿעאָדאַל־צייטען, ווען דיא ערשטע זאָרג איז נור

געווען צו זיין אין זיכערהייט פֿאַר אַ שונא וואָס קען חס וחלילה אנפֿאַלען פֿון אירגענד וועלכען זייט, האָבען זיך מענשען געזועהען צו בעזעצען נור אויף דיא שפּיצען פֿון בערג, אויף הויכע פֿעלזען; יעדער גרופּע הייזער איז געווען געבילדעט אויף דעם שפּיץ פֿון אַן איינציגען פֿעלז, וועלכער איז געוואָרען בעפֿעסטיגט פֿון אַלע זייטען מיט מויערן און טהורעמס. דער פֿעאָדאָל־העררר האָט אויפֿגעשטעלט זיין רויבערשלאָס אויף אַ שפּיץ באַרג אַרום וועלכען עס זיינען אַרומגערינגעלט פֿעלזען, וואס מאַכען אַ צוגאַנג צום שלאָס אונמעגליך; צופֿוסען פֿון דיא טהורעמס זיינען געווען בעזעצט זיינע בויערן, זיינע לייבּ־אייגענע. דיא שטעדט פֿלעגען זיין אויף הויכע בערג בעפֿעסטיגט אַרום מיט טהורעמס. דיא פֿענסטער פֿון דיא הייזער זיינען נעווען קליינינקע, שמאָלע, פֿון וואַנען מען זאָל נור קענען שיסען; אויף דעם העכסטען פלאַץ אין געשטאַנען דיא קירכע, וועלכע איז געווען אין דערזעלבער צייט דיא ציטאדעל פֿון פלאַץ. נאָך איצט קען מען זעהען דיא חורבות פֿון יענע בנינים אין זידליכען פֿראַנקרייך, אין שפּאַניען אין טאָסקאַנאַ, סיציליען און אין פֿיעלע אַנדערע געגענדען. יעצט, אין דער מאָדערנער צייט, שוין אַנדערע פֿאָדערונגען; דיא ערשטע זאָרג איז די ארבייט. און דיא מענשען בעהאַלטען זיך מעהר ניט אויף בערג אָדער צווישען דיא פֿעלזען; זיי בעזעצען זיך אין דער לייַנג פֿון די טייכען, דורך וועלכע זיי פֿיהרען זייער האַנדעל; זיי פֿיהרען דורך בעקוועמע שטראַסען אויף דיא פֿלאַכע ערטער און בילדען זייערע הייזער אויף אָפֿענע פלעצער; זייערע וואָהנונגען זיינען ליכטיגער, געזינדער און בעקוועמער. אַזוי ענדערט זיך אימער דיא אָנפאַסונג פֿון דיא פֿערשיעדענע ערד־פֿאָרמען צו דיא פאָדערונגען פֿון דער צייט, פֿון דיא נייע צושטענדען.

יעדער קולטור געשיכטליכער פֿאָרטשריט ענדערט דיא בעציהונגען פֿון'ם מענשען צו דער ערד און דאַדורך ענדערט זיך אויך דער איינפֿלוס, וועלכען דיא נאַטור און קלימאַט איבען אויס אויף דעם מענשען.